סטעפאַן צווייג

# דערוואכונג

אויטאָריזירטע איבערזעצונג פון דייטש

ח. בראקאוש



פאַרלאַג „בזשאַזא"

וואַרשע 192[illegible]

האָט דער ווינט ווידער אָנגעיאָגט רעגן איבער דער שטאָט, וואָס עס איז פּלוצלינג אַזוי טונקל געוואָרן אין אונזער צימער? ביין. די לופט איז זילבערן קלאָר און שטיל, ווי זי איז עס זעלטן אין דידאָזיקע זומער־טעג. נאָר עס איז שפּעט געוואָרן און מיר האָבן עס נישט באַמערקט. בלויז די פענצטער פון דער קעגנאַיבערדיקער מויער שמייכלען נאָך מיט אַ לייכטן גלאַנץ, און דער הימל איבער די דאַך־שפּיצן איז שוין מיט אַ גאָלדענעם נעפּלרויך פאַרוועבט. אין אַ שעה אַרום וועט שוין נאַכט זיין. אין אַ וואונדערפולער שעה אַרום. וואָרים נישטאָ קיין שענערע זאַך, ווי צוצוקוקן צו דערדאָזיקער פאַרב, וואָס ווערט ביסלעכווייז בלייך און צערינט זיך אין שאָטן, און דערבאָך די טונקלקייט אין צימער, וואָס שווימט אַרויף פון באָדן, ביז די שוואַרצע כוואַליעס גיסן זיך ענדלעך צוזאַמען געראַנגלאָז אויף די ווענט און טראָגן אונז מיט אין זייער פינצטערניש אַריין. אַז מען זיצט דאָ אַזוי צוזאַמען אייבער קעגנאיבער דעם אַנדערן און מען קוקט זיך אָן שטיל, קען זיך איינעם אין דערדאָזיקער שעה אויסדאַכטן, גלייך ווי דאָס היימישע געזיכט דאָ אין שאָטן וואָלט געוואָרן עלטער און פרעמדער און ווייטער, גלייך מען וואָלט זיך גאָר קיינמאָל נישט געקענט און אַז מ׳קוקט זיך אַצינד אָן דורך אַ ווייטן שטח און איבער אַ סך יאָרן. אָבער דו ווילסט נישט אַצינד דאָס שטילשווייגן, זאָגסטו,

ווייל עס ווערט באַנג זיך צוצוהערן, ווי דער זייגער צעברעקלט די צייט אויף הונדערטער קליינע שפּליטערלעך און ווייל דאָס אָטעמען אין דער שטילקייט איז ענלעך צום אָטעם פון אַ קראַנקן. דו ווילסט, איך זאָל דיר אַצינד עפּעס דערציילן. זייער גערן. אָבער נישט וועגן זיך, וואָרים אונזער לעבן אין דידאָזיקע אומענדלעכע שטעט איז אַזוי אָרעם אין איבערלעבענישן, אָדער עס ווייזט זיך אונז אויס אַזוי, ווייל מיר ווייסן נאָך נישט, וואָס מיר פאַרמאָגן ווירקלעך. אָבער איך וויל דיר אַ געשיכטע דערציילן אין דער איצטיקער שעה, וועלכע האָט אייגנטלעך ליב נאָר דאָס שטילשווייגן, און איך וואָלט וועלן, אַז די געשיכטע זאָל פאַרמאָגן אין זיך עפּעס פונם דאָזיקן וואַרעמען, ווייכן, פליסנדיקן בין־השמשות־ליכט, וואָס שוועבט אַרום נעפּלדיק פאַר אונזערע פענצטער.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי דידאָזיקע געשיכטע איז צו מיר געקומען. איך בין נאָר, דאָס דערמאָן איך מיך, באַלד נאָכמיטאָג לאַנג דאָ געזעסן, איך האָב אַ בוך געלייענט און געלאָזט עס אַרויספאַלן פון מיינע הענט, פאַרזינקנדיק אין חלומות, אפשר גאָר אין אַ לייכטן שלאָף. און פּלוצלינג האָב איך דאָ דערזען געשטאַלטן, זיי האָבן זיך געגליטשט איבער דער וואַנט און איך האָב געקענט הערן זייערע רייד און אין זייער לעבן אַריינקוקן. דאָך, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן און איך האָב געוואָלט זיי נאָכקוקן, בין איך שוין ווידער געווען וואַך און אַליין. מיר צופיסנס איז געלעגן דאָס בוך. און ווען איך האָב עס אויפגעהויבן און געזוכט די געשטאַלטן, האָב איך דערין שוין מער נישט געפונען די געשיכטע; עס האָט אויסגעזען, גלייך זי וואָלט פון די בלעטער אַרויסגעפאַלן אין מיינע הענט אַריין, אָדער זי האָט זיך דאָרט קיינמאָל נישט געפונען. אפשר האָב איך זי אין חלום געזען, אָדער געלייענט אין איינעם פון יענע בונטע וואָלקנס, וועלכע זענען היינט פון פרעמדע לענדער אָנגעקומען אין אונזער שטאָט און אַוועקגעטראָגן דעם רעגן, וואָס האָט אונז אַזוי לאַנג געקוועלט. אָדער אפשר האָב איך זי גאָר געהערט אין יענעם פשטותדיקן אַלטן ליד, וואָס אַ דריי־אָרגל האָט הינטער מיין פענצטער מעלאַנכאָליש אויסגעגריילצט, אָדער אפשר האָט זי מיר עמעצער מיט יאָרן צוריק

דערציילט? איך ווייס עס נישט. אַזעלכע געשיכטן קומען צו מיר אָפט, און איך לאָז זייערע געשעענישן שפּילנדיק רינען דורך מיינע פינגער, נישט צוהאַלטנדיק זיי, אַזוי ווי מען וואַרפט צו אַ שמייכל פאַרבייגייענדיק צו זאַנגען און הויך־שטאַנגיקע בלומען, נישט אָפּרייסנדיק זיי. איך חלום זיי בלויז דורך, אָנהייבנדיק פון אַ משופּע־פאַרביק בילד, ביז צו אַ גלייכערן סוף, אָבער איך נעם זיי נישט אָן מיט די הענט. דאָך, דו פאַרלאַנגסט היינט פון מיר אַ געשיכטע, און דעריבער דערצייל איך זי דיר אַצינד אין דעררדאָזיקער שעה, ווען דער בין־השמשות צינדט אָן אין אונז דעם פאַרלאַנג, צו מאַכן אויפלויכטן פאַר אונזערע אויגן בונטע און ברויזנדיקע בילדער, וועלכע ווערן אין גרויקייט צערינען.

ווי זאָל איך אָנהייבן? איך פיל, אַז איך מוז איין אויגנבליק פון דער טונקלקייט אַרויסציען, אַ בילד און אַ געשטאַלט, וואָרים אַזוי הייבן זיך אויך אָן אין מיר דידאָזיקע וואונדערבאַרע חלומות. אַצינד דערמאָן איך מיך שוין. איך זע אַ שלאַנק־געוויקסיק ייִנגל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ מיט די ברייט־שטאַפּלדיקע טרעפּ פון אַ שלאָס. עס איז נאַכט און אַ נאַכט מיט אַ בלאַסער לבנה־שיין, אָבער איך נעם אַרום, ווי מיט אַ באַלויכטענעם שפּיגל יעדע קאָנטור פון זיין עלאַסטישן קערפּער, איך זע גענוי זיינע שטריכן. ער איז אויסערגעוויינלעך שיין. די שוואַרצע, קינדעריש פאַרקעמטע האָר פאַלן גלאַטיק אַרונטער פון דעם כמעט איבערהויכן שטערן, און די הענט, וועלכע ער שטרעקט אויס אין דער פינצטערניש אַריין, כדי אָנצוטאַפּן די פון דער זון דורכגעוואַרעמטע לופט, זענען זייער צאַרט און איידל. זיין גאַנג איז אומאַנטשלאָסן. פאַרחלומט לאָזט ער זיך אַראָפּ צו דעם גרויסן, מיט אַ סך רונדע ביימער רוישנדיקן גאָרטן, דורך וועלכן עס ציט זיך, ווי אַ ווייסער שטעג, אַ ברייטער מיט לבנה־שיין באַשטראַלטער שאָסיי.

איך ווייס נישט, ווען דאָס אַלץ איז געשען, נעכטן, אָדער מיט פינפציק יאָר צוריק, און איך ווייס נישט וואו, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אין ענגלאַנד האָט דאָס געמוזט פאָרקומען, אָדער אין שאָטלאַנד, ווייל נאָר דאָרט קען איך אַזעלכע הויכע, ברייט־געבויטע שלעסער, וואָס זעען אויס פונדערווייטנס דראָענדיק, ווי פעס-

טונגען און בלויז אויף די העל-בלומיקע גאָרטנס לאָזן זיי אַראָפּ
אַ מילדן, שמייכלענדיקן בליק. יאָ, איצט ווייס איך עס גאַנץ באַ-
שטימט, עס איז אויוון אין שאָטלאַנד, וואָרים נאָר דאָרט זענען
די זומער-נעכט אַזוי העל, אַז דער הימל גלאַנצט ווייס, ווי אַן
אָפּאַל און די פעלדער ווערן קיינמאָל נישט פאַרטונקלט, אַלץ זעט
אויס, ווי באַלויכטן מיט אַן אינעווייניקסטן ליכט און נאָר די
שאָטנס, צו שוואַרצע ריזן-פייגל ענלעך, פאַלן אַראָפּ אויף די העל-
לע פלאַכן. אין שאָטלאַנד איז עס, אָ, אַצינד ווייס איך עס גאַנץ,
גאַנץ באַשטימט, און ווען איך זאָל מיר נאָר די מי געבן, וואָלט
איך מיך נאָך דערמאַנט דעם נאָמען פונם דאָזיקן גרעפישן שלאָס
און פון יינגל אויך, וואָרים איצט שיילט זיך שנעל אַראָפּ די
טונקעלע שאָל פון דעם חלום, און איך פיל אַלץ אַזוי דייטלעך,
גלייך ווי דאָס וואָלט נישט געווען קיין דערמאַנען זיך, נאָר אַן
איבערלעבונג. דאָס יינגל געפינט זיך זומער-צייט צו גאַסט באַ
זיין פאַרהייראַטער שוועסטער און, ווי עס איז דער שטייגער באַ
די פאָרנעמע ענגלישע פאַמיליעס, נישט אַליין. אין די אָוונטן
פאַרזאַמלט זיך אין אַ קרייז אַ גאַנצע ריי פון געיעג-ליבהאָבער
מיט זייערע פרויען, דערצו אַ פּאָר מיידלעך, שיינע געוויקסיקע
מענטשן, וועמענס הייטערקייט און יוגנט שפילט זיך לאַכנדיק,
אָבער אָן ליאַרם, מיט דעם עכאָ פון די אַלטע מויערן. דעם
גאַנצן טאָג רייט מען אַרום אויף די פערד הין און הער אין דער
באַגלייטונג פון אַ גאַנצער מחנה געיעג-הינט, אויפן טייך בלינצ-
לען צוויי, דריי שיפלעך: דאָס לעבהאַפטיקע באַוועגן זיך אָן
באַזונדער טומלעניש גיט-צו דעם טאָג אַן אָנגענעמען שנעלן
ריטם.

אָבער אַצינד איז אָוונט, דאָס מאָלצייט איז שוין געענדיקט.
די הערן זיצן אין זאַל, רייכערן און שפּילן; ביז האַלבערנאַכט
פאַלן פון די באַלויכטענע פענצטער ווייסע, ציטערנדיקע ליכט-
פּאַסן אין פּאַרק אַריין. טיילמאָל אויך אַ הילכיק, פריילעך געלעכ-
טער. די דאַמען געפינען זיך שוין מערסטנטייל אין זייערע צימערן,
אַ צוויי, דריי פּלוידערן נאָך צווישנאַנאַנדער אין דער פּאָדער-האַלע.
און אַזוי קומט אויס, אַז דאָס יינגל געפינט זיך אין אָוונט גאָר

אַליין. מיט די הערן טאָר ער נאָך נישט פאַרבערגן, סיידן בלויז עטלעכע מינוטן, און אין דער סביבה פון פרויען פילט ער זיך אומבאַקוועם, ווארים אַ סך מאָל, ווען ער קומט אַריין צו זיי, הייבן זיי פּלוצלינג אָן צו רעדן שטיל און ער שפּירט, אַז זיי רעדן וועגן זאַכן, וועלכע ער דאַרף נישט הערן. און בכלל האָט ער נישט ליב זיך צו געפינען אין זייער געזעלשאַפט, ווארים זיי פרעגן אים תמיד אויס ווי אַ קינד און הערן זיינע ענטפערס אָן דער מינדסטער אויפמערקזאַמקייט, זיי באַנוצן זיך מיט אים בלויז צו פאַרשידענע קליינע געפעליקייטן און דאַנקען אים דערנאָך, ווי אַ געהאָרכזאַם ייִנגל. אין דערפאַר האָט ער אַצינד געוואָלט גיין שלאָפן און איז שוין געהאַט אַרויפגעגאַנגען אויף די קרומע שטיגן; אָבער אין צימער איז געווען צו וואַרעם, אָנגעפילט מיט אַ שטיקנדיקער, אומבאַוועגלעכער הייסער לופט. מען האָט פאַרגעסן צו פאַרמאַכן דאָס פענצטער באַטאָג, און דעריבער האָט זיך דאָ די זון ברייטלעך פונאַנדערגעשפּרייט: דעם טיש האָט זי אָנגעוואַרעמט אויף הייס און דאָס בעט אָנגעגליט, אויף די ווענט האָט זי זיך אַרויפגעלייגט, ווי אַ משא, און נאָך אַצינד האָט געציטערט איר הייסער אָטעם אויס די ווינקלען אַרויס און פון די פאָרהאַנגען אַראָפּ. און אויסער דעם: עס איז געווען נאָך זייער פרי — און אין דרויסן האָט געשיינט די זומערדיקע נאַכט, ווי אַ ווייס ליכט, אַזוי רויק, אַזוי שטיל, אַזוי אָרגלאָז שטיל. און דאָס ייִנגל האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט מיט די הויכע שלאָס-שטאַפּלען צו דעם אין טונקלקייט געהילטן גאָרטן, איבער וועלכן דער בלאַסער הימל ליגט אויסגעשפּרייט, ווי אַ קראַנץ און ווי אַ שטאַרקער דופט, אויסגעהויכט פון אַ סך אומגעזעענע בלומען, ציטערט אים פאַרשכורנדיק אַנטקעגן. אַ מאָדנע שטימונג האָט אים באַהערשט. ער האָט זיך אַליין נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין קלאָרן רעכנונג דערפון, אין דעם כאַאָטישן געפיל פון אַ פינפצען-יעריק ייִנגל, אָבער זיינע ליפּן האָבן געציטערט אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט געמוזט עפּעס-וואָס אַרויסרעדן אין דער נאַכט אַריין, אָדער די הענט אויפהייבן, אָדער די אויגן אויף אַ לענגערע צייט פאַרמאַכן; גלייך ווי צווישן אים און דערדאָזיקער שטילער זומערנאַכט וואָלט געווען עפּעס אַ געהיימניספולער פאַרטרויטער סוד, וועל-

כער פאַרלאַנגט רייד צו הערן, אָדער אַ באַגריסונג-צייכן צו זען.

דאָס ייִנגל גייט פּאַמעלעך אַראָפּ פון דער ברייטער, אָפּענער אַלעע אין אייבעם פון די זייטיקע שטעגן, דאָרט וואו די ביימער זעען אויס, גלייך זיי וואָלטן אינדערהייך אַרומגענומען איינער דעם אַנדערן מיט די זילבערן באַשטראַלטע קרוינען, אונטן אָבער ליגט אויסגעשפּרייט די געדיכטע נאַכט-פינצטערניש. עס איז גאַנץ שטיל. עס הערט זיך בלויז יענץ אומבאַשרייבלעכע געוויש פון דער שטילקייט אין אַ גאָרטן, יענץ זשומענדיקע פּלאַטערן, גלייך אַ ווייכער רעגן וואָלט אין גראָז אַריין געפאַלן, אָדער ווי ס'וואָלטן זיך די זאַנגען הויך-פליסטערנדיק געגלעט. דידאָזיקע שטילע קלאַנגען האָבן געפלאַטערט אַרום דעם אַהערקומענדיקן, וועלכער איז געווען פאַרזונקען אין אַ זיסער כאַאָטישער מעלאַנכאָליע. טיילמאָל האָט ער לייכט באַרירט אַ בוים, אָדער ער איז שטיין געבליבן, כדי זיך איינצוהאָרכן אין דעם אַרומפליִענדיקן געוויש. דער הוט האָט אים געדריקט דעם שטערן און ער האָט אים אַראָפּגענומען, כדי צו פילן אויף די אַנטבלויזטע שלייפן, אין וועלכער דאָס בלוט האָט האַסטיק געקלאַפּט, די האַנט פונעם שלעפעריקן ווינט.

מיטאַמאָל, ווי ער שפּרייזט אַזוי וואָס אַמאָל טיפער אין דער פינצטערקייט אַריין, געשעט פּלוצלינג עפּעס אומדערהערטס. הינטער אים דערהערט זיך אַ לייכט קריצן אין די זאַמד-שטייגדלעך. און ווען ער דרייט זיך אום דערשראָקן, זעט ער נאָך די פלאַטערנדיקע שיין פון אַ הויכער ווייסער געשטאַלט זיך צו אים דערנענטערן, שוין איז זי לעבן אים, און באַלד דערפילט ער מיט שרעק, אַז ער ווערט פעסט, דאָך אָבער אָן געוואַלט, אַרומגענומען פון אַ פרוי. אַ וואַרעמער, ווייכער קערפּער פּרעסט זיך צודרינגלעך צו זיינעם, אַ ציטערנדיקע האַנט גליטשט זיך שנעל דורך איבער זיינע האָר און בויגט זיין קאָפּ צוריק: אַ באַרוישטער דערפילט ער אויף זיין מויל פרעמדע, ציטערנדיקע ליפּן, וועלכע זויגן זיך איין אין זיינע. דאָסדאָזיקע פּנים איז אַזוי נאָענט צו זיינעם, אַז ער קאָן די שטריכן נישט זען. און ער איז עס

נישט אימשטאַנד, וואָרים דער פּחד מאַכט אונטערטעניק זיין לייב, אַז ער מוז די אויגן פאַרמאַכן און זיך ווילנלאָז איבערגעבן, ווי אַ קרבן צו דידאָזיקע ברענענדיקע ליפּן; אומאַנטשלאָסן, אומזיכער ווי אַ פראַגע, נעמען זיינע הענט אַרום דידאָזיקע פרעמדע געשטאַלט, אין פּלוצלינגער פאַרשכורטקייט דריקט ער דאָס פרעמדע לייב צו זיך. זיינע הענט לויפן גיריק דורך איבער די ווייכע ליניען, פאַרהאַלטן זיך און לאָזן זיך ציטערנדיק ווייטער, זיי ווערן פיבערדיקער און ווילדער. וואָס אַמאָל צודרינגלעכער און שוין גאַנץ אַריבערגעבויגן רוט אַצינד, ווי אַ זיס-שווערע משא די גאַנצע לאַסט פונם קערפּער אויף זיין נאַכגיביקער ברוסט. ער פילט, גלייך ווי ער וואָלט געזונקען און אַנידערגעפאַלן אונטער דעמדאָזיקן שווער-אָטעמענדיקן צודרינגלעכן לייב און שוין ברעכן זיך אונטער אים די קני. ער טראַכט נישט וועגן קיין שום זאַך, נישט, ווי אַזוי דידאָזיקע פרוי איז צו אים געקומען, און נישט, ווי איר נאָמען איז, מיט פאַרמאַכטע אויגן זויגט ער נאָר אַריין אין זיך די גלוסטיקייט פון דידאָזיקע פייכטע ליפּן, ביז ער ווערט פאַרשכורט און ווילנלאָז, זינלאָז מיטגעריסן פון אַן אומגעהייערער ליידנשאַפטלעכקייט. ער האָט דעם איינדרוק, גלייך ווי ס'וואָלטן פּלוצלינג שטערן אַראָפּגעפאַלן פון הימל, אַזוי שימערט עס אים פאַר די אויגן און אַלץ, צי וואָס ער רירט זיך צו, פלאַקערט און שפּריצט מיט פונקען. ער ווייסט נישט, ווי לאַנג דאָס אַלדינג דויערט, צי איז ער שוין אַזוי שעהן ווייך אַרומגעשמידט, אָדער סעקונדען: ער פילט, ווי אַלץ פלאַקערט אויף אין דעם ווילדן געפיל פון באַגערלעכן קאַמף און וואַרפט זיך אַריין פאַרשכורט אין אַ וואונדערלעכן שווינדלדיקן ווירבל.

און פּלוצלינג, מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג, ווערט די הייסע קייט מיטאַמאָל צעריסן. אויגנבליקלעך-שנעל, כמעט מיט כעס, לאָזט זי אָפּ זיין צוגעפּרעסטע ברוסט, די פרעמדע געשטאַלט גלייכט זיך אויס, אַ ווייסער ליכט-שטראַל קלעטערט שנעל אַרויף אויף די ביימער און ווערט באַלד פאַרשוואונדן, נאָך איידער ער באַוויזט די הענט אויפצוהייבן, כדי אים אָנצוכאַפּן.

ווער איז עס געווען? און ווי לאַנג האָט עס געדויערט?

אַ האָרוישטער, מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ הייבט ער זיך אויף, אַנ־האַלטנדיק זיך אָן אַ בוים. צווישן זיינע פיבערדיקע שלייפן הייבן פּאַמעלעך אָן ווידער צו פליסן קלאָרע מחשבות: ער דערפילט זיך מיטאַמאָל עלטער אויף טויזנטער שעהן. דאָס, וואָס ער האָט כאַ־אָטיש געחלומט פון פרויען און פון ליידנשאַפט, זאָל פלוצלינג האָבן פאַרווירקלעכט געוואָרן? אָדער איז עס אפשר געווען בלויז אַ חלום? ער האָט זיך אָנגעטאַפּט, באַרירט די האָר. יאָ, ער פילט אַ פייכטקייט אַרום די קלאַפנדיקע שלייפן, אַ פייכקייט און אַ קילקייט פון דעם טוי, וואָס באַדעקט דאָס גראָז, אין וועלכן זיי זענען פריער אַריינגעפאַלן, מיטאַמאָל בליצט אַלדינג ווידער פאַרביי פאַר זיין בליק. ער פילט ווידער די ברענענדיקע ליפּן, ער אָטעמט איין אין זיך דעם פרעמדן גלוסטיקייט־דופט, וואָס רוישט אין די פאַלדן פון קלייד, ער וויל זיך דערמאַנען יעדעס וואָרט. אָבער עס קומט אים נישט קיין איינציקס אויפן זכרון.

און אַצינד ערשט דערמאַנט ער זיך פלוצלינג מיט שרעק, אַז זי האָט גאָרנישט גערעדט, זי האָט אַפילו זיין נאָמען נישט אָנ־גערופן; אַז ער האָט בלויז געהערט אירע אַרויסשוימענדיקע זיפצן און דאָס קראַמפּהאַפטיקע פאַרשטיקטע שלוכצן פון דער גלוסטונג; אַז ער האָט נאָר געפילט דעם דופט פון אירע צעשויבערטע האָר, דעם הייסן דרוק פון אירע ברוסטן, דעם גלאַטן עמאַל פון איר הויט; אַז איר געשטאַלט, איר אָטעם, דאָס גאַנצע ציטערנדיקע געפיל אירס האָט זיך געפונען נאָנט לעבן אים און דאָך האָט ער קיין אַנונג נישט, ווער ס'איז געווען דידאָזיקע פרוי, וואָס איז אים אין דער פינצטערניש באַפאַלן מיט איר ליבע. און אַצינד מוז ער זוכן אַ נאָמען, מיט וועלכן ער זאָל זיין איבעראַשונג, זיין גליק באַצייכענען.

און דאָסדאָזיקע אויסערגעוויינלעכע, וועלכעס ער האָט ערשט נישט לאַנג פלוצלינג איבערגעלעבט מיט אַ פרוי, האָט זיך אים מיטאַמאָל אויסגעוויזן אָרעם, גאַנץ אָרעם און נישטיק אין פאַרגלייך מיט דעם רייצנדיקן סוד, וואָס האָט געבליקט אויף אים מיט פאַר־פירערישע אויגן פון דער פינצטערניש אַרויס. ווער איז געווען די־דאָזיקע פרוי? ער האָט שנעל איבערגעטראַכט יעדע מעגלעכקייט,

זיך אָפּגעשטעלט אין די געדאַנקען אויף די אַלע פרויען, װאָס האָבן געוואוינט דאָ אין שלאָס; ער האָט געפּרוּווט זיך צו דער־מאָנען יעדן באַדייטנדיקן מאָמענט, יעדעס געשפּרעך מיט זיי האָט ער אַרויסגעגראָבן פון זיין זכרון, יעדן שמייכל פון די פינף, זעקס פרויען, וואָס בלויז זיי אַליין האָבן געקאָנט זיין פאַרשפּינט אינם דאָזיקן רעטעניש. אפשר די יינגע גרעפין ע., וואָס ביז־הײַנט זיך אָפּט זייער שטאַרק אויף איר שוין נישט יינגן מאַן, אָדער אפשר זיין פעטערס יינגע פרוי, וועלכע פאַרמאָגט אַזעלכע מילדע און גלייכצייטיק בליצנדיקע אויגן, אָדער — ער איז דערשראָקן גע־וואָרן באַם דאָזיקן געדאַנק — אפשר איז עס איינע פון די דריי שוועסטערן, זיינע קוזינעס, וועלכע זענען ענלעך איינע צו די אַנ־דערע מיט זייער גאוותדיק־שטאָלצער האַלטונג? ניין — זיי זענען דאָך אַזעלכע קאַלטע, מיושבדיקע מענטשן. אין די לעצטע יאָרן, זינט ס'האָבן אויפגעברויזט אין אים געהיימע ליידנשאַפטן און גליענ־דיק אַריינגעפאַלן אין זיינע חלומות, האָט ער זיך אָפּטמאָל באַ־טראַכט פאַר אַ פאַרשטויסענעם, פאַר אַ קראַנקן; ווי שטאַרק האָט ער מקנא געווען די אַלע, וואָס זענען געווען, אָדער האָבן אויס־געזען אַזוי רויק, אַזוי געלאַסן און קאַלט; ער האָט זיך געשראָקן פאַר זיין דערוואַכנדיקער ליידנשאַפט, ווי פאַר אַ חולאת. און אַצינד... ? אָבער ווער? ווער צווישן די דאָזיקע קאָן זיך אַזוי פאַר־שטעלן?

די דאָזיקע עקשנותדיקע פראַגע האָט ביסלעכווייז אַרויסגע־טריבן די באַרוישטקייט פון זיין בלוט. עס איז שפּעט געוואָרן, דאָס ליכט אין עס־זאַל איז שוין פאַרלאָשן, בלויז ער אַליין איז נאָך װאַך אין שלאָס, ער — און אפשר אויך יענע אַנדערע, אומבאַקאַנ־טע? אַ לייכטע מידקייט איז אים באַפאַלן. צוואָס נאָך טראַכטן? איין בליק, איין בליציקער שימער מיט די אויגן, איין פאַרבאָרגע־נער האַנט־דרוק וועט פאַר אים שוין מאָרגן אַלדינג מוזן אַנטפּלעקן. פאַרחלומט שטייגט ער אַרויף איבער די טרעפּ, אַזוי פאַרחלומט, ווי ער האָט זיך פריער אַראָפּגעלאָזט, אָבער דאָך אַזוי אומענדלעך אַנדערש. זיין בלוט איז נאָך לייכט צעברויזט און דאָס אָנגעהאַ־רעטע צימער ווייזט זיך אים איצט אויס קלאָרער און קילער.

צומאַרגנס, ווען ער וואַכט אויף, הערט זיך שוין אונטן דאָס געפּויש פון פערדישע טריט. ער הערט לאַכנדיקע שטימען און אויך זיין נאָמען אויסרופן. ער שפּרינגט שנעל אַראָפּ פון געלעגער — דער פרישטיק איז שוין פּאַרשפּעטיקט — טוט זיך אָן בליץ-שנעל און לויפט שטורמיש אַראָפּ אונטן, וואו די פאַרזאַמלטע באַגעגענען אים פריילעך. „לאַנג-שלאָפער", לאַכט אים אַנטקייגן די גרעפין ע., דאָס געלעכטער פינקלט איר אַרויס פון די קלאָרע אויגן. ער נעמט אַרום איר פּנים מיט אַ גיריקן בליק; ביין, ביין, זי קאָן עס נישט זיין, איר לאַכן איז צופיל זאָרגלאָז. „געהאַט זיסע חלומות", ווינקט זיך די יונגע פרוי. איר צאַרטער קערפּער ווייזט זיך אים אויס צו דין. זיין פראַגע שוועבט פון פּנים צו פּנים, אָבער אויף קיין איינציקס באַגעגנט ער נישט דעם אָפּגלאַנץ פון אַ שמייכל.

און זיי רייטן אַרויס אויפן פעלד. ער האַרכט זיך איין צו יעדער שטים, פּאַרשט מיט די בליקן יעדע ליניע, יעדן קנייטש פון דעם אין רייטן זיך באַוועגנדיקן פרויען-קערפּער; ער לויערט נאָך יעדן בייג און יעדע באַוועגונג פון זייערע הענט. באַם מיטאָג-טיש בייגט ער זיך צו נענטער בעתן געשפּרעך, כדי צו שפּירן יעדן דופּט פון די ליפּן, אָדער דעם וואַרעמען הויך פון די האָר, אָבער אין קיין זאַך געפינט ער נישט קיין סימן, קיין מינדסטן שפּור, אויף וועלכן זיינע דערהיצטע געדאַנקען זאָלן קענען נאָכפאָרשן. דער טאָג ציט זיך אומענדלעך לאַנגזאַם. אַז ער פּרוווט לייענען אַ בוך, רינען די שורות פון בלאַט אַראָפּ און פאַרפירן אים פלוצלינג אין גאָרטן אַריין, און עס איז ווידער נאַכט, די וואונדערלעכע נאַכט, און ער פילט זיך ווידער איינגעשלאָסן אין די אָרעמס פון דער אומבאַקאַנטער. דאַן לאָזט ער אַרויס דאָס בוך פון די ציטערנדיקע הענט און וויל גיין צום טייך. און פלוצלינג דערזעט ער זיך, אַליין דערפון דערשראָקן, אויף דעם מיט זאַמדשטיינדלעך אויסגעשיטן וועג, אויפן זעלבן אָרט. אין אָוונט באַם עסן פיבערט עס אים, זיינע הענט בלאָנדושען, באַוועגן זיך הין און הער, ווי געטריבן צון עמעצן, זיינע אויגן קריכן שרעקעוודיק אונטער די אויגן-הייטלעך. ערשט ווען די אַנדערע הייבן זיך ענדלעך, אָ, ענדלעך אויף פון זייערע שטולן, דערפילט ער זיך אַ

באַגליקטער, און שוין לאָזט ער זיך לויפן פון צימער אַרויס אין פּאַרק אַריין, ער לויפט הין און צוריק איבערן ווייסן וועג, וואָס זעט אויס אונטער זיינע פיס, ווי אַ שימערנדיקער מילך־נעפּל, ער לויפט הין און צוריק און ווידער הין און צוריק, הונדערטער, טויזנטער מאָל. איז שוין ליכטיק אין זאַל? יאָ, ענדלעך האָט דאָרט אויפגעפלאַמט ליכט, און ענדלעך גלאַנצן אויך עטלעכע פענצטער פון ערשטן שטאָק. די דאַמען זענען אַריין אין זייערע צימערן, אַצינד קאָן עס דויערן בלויז מינוטן, אויב זי וויל קומען, נאָר איצט ווערט יעדע מינוט מיט גליענדיקער אומגעדולד אָנגעשוואָלן, ביז צום אויפפּלאַצן. און ווידער לויפט ער הין און צוריק, גלייך אומגעזעענע שנורן וואָלטן אים געצויגן.

און פּלוצלינג פליט דאָס ווייסע געשטאַלט אַראָפּ דורך די טרעפּ, עס פליט שנעל, צו שנעל, אַז ער זאָל אימשטאַנד זיין עס צו דערקענען. עס זעט אויס, ווי אַ ליכט־שטראַל פונם לבנה־אָפּשיין, אָדער ווי אַ פאַרלוירענער שלייער, וואָס שוועבט צווישן די ביימער, וועלכן דער שאַרפער ווינט האָט אַהערגעיאָגט און געוואָרפן אין זיינע אָרעמס, וואָס קלאַמערן אַריין, ווי מיט צוואַנגען דאָסדאָזיקע ווילדע, פון האַסטיקן לויפן דערהיצטע און שווער־אָטעמענדיקע לייב. און בשעת דידאָזיקע וואַרעמע כוואַליע שלאָגט אָן אומגעריכט אָן זיין ברוסט, דאַכט זיך אים איין אויגנבליק לאַנג, אַזויווי נעכטן, אַז ער ווערט אָנמעכטיק פון איר זיסן קלאַפּ און ער דערפילט אַ פאַרלאַנג, זיך אַריינצוּוואַרפן און פאַרשלונגען צו ווערן אין דערדאָזיקער פינצטערער כוואַליע פון גלוסטונג. אָבער באַלד ווערט זיין באַרוישטקייט פּלוצלינג פאַרלאָשן און ער האַלט צוריק זיין גליענדיקע ליידנשאַפט. ניין, ער וועט זיך נישט פאַרלירן אין דערדאָזיקער וואונדערלעכער פאַרכישופטקייט, זיך נישט איבערגעבן צו דידאָזיקע זויגנדיקע ליפּן, איידער ער וועט וויסן, וואָס פאַר אַ נאָמען עס טראָגט דער קערפּער, וואָס פּרעסט זיך צו אים אַזוי פעסט, אַז אים דאַכט זיך, גלייך ווי דאָס פרעמדע, האַסטיק־שלאָגנדיקע האַרץ וואָלט געקלאַפּט אין זיין אייגענער ברוסט! ער בייגט צוריק זיין קאָפּ און מיידט אויס אירע קושן, כדי צו זעען איר פּנים. אָבער עס פאַלן שאָטנס פונדערהייך און אינם מאַטן ליכט מ׳ שן זיי זיך צונויף מיט אירע

שוואַרצע האָר. צו געדיכט איז די ביימער־נעץ און צו בלאַס דאָס ליכט פון דער אין וואָלקן־פאַרשלייערטער לבנה. בלויז די אויגן זעט ער פינקלען, זיי זעען אויס, ווי גליענדיקע קוילן, איינגע־פאַסט ערגעץ־וואו טיף אין מאַט־גלאַנציקן מאַרמאָר.

ער וויל הערן אַ וואָרט, בלויז אַן אָפּגעריסן ברעקל פון איר קול. „ווער ביסטו, זאָג מיר, ווער ביסטו?" רעדט ער צו איר. אָבער דאָסדאָזיקע ווייכע, פייכטע מויל פאַרמאָגט בלויז קושן, נישט קיין ווערטער. דאַן וויל ער מיט געוואַלט אַרויסרייסן ביי איר אַ וואָרט, אַ ווייטיק־געשריי. ער צעדריקט איר דעם אָרעם, שניידט זיך איין מיט זיינע נעגל טיף אין איר פלייש, אָבער ער הערט בלויז דאָס קייכן פון איר שטאַרק אָנגעצויגענער ברוסט, ער פילט בלויז דעם הייסן אָטעם פון די שווייגנדיקע ליפּן, וועלכע לאָזן גאָר טייל־מאָל אַרויס אַ שטילן קרעכץ, ער ווייסט נישט, צי פון ווייטיק, אָדער פון גלוסטונג. און עס באַפאַלט אים אַ ווילדער כּעס, וואָס ער איז נישט אימשטאַנד ביי־צוקומען דעמדאָזיקן ווידערשפּע־ניקן ווילן; וואָס די־דאָזיקע פרוי קומט צו אים גאָר אין דער טונקל־קייט און וויל זיך פאַר אים נישט אויסגעבן; וואָס ער האָט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט אויף איר קערפּער און האָט דאָך נישט קיין שליטה אויף איר גאָמען. אַ צאָרן דערוועקט זיך אין אים און ער וויל זיך אַרויסרייסן פון איר אומאַרמונג; זי אָבער, דערפילנ־דיק זיין אומרויקייט, גלעט צערטלעך און פאַרפירעריש זיינע האָר מיט דער ציטערנדיקער האַנט. און בשעת אירע פינגער באַוועגן זיך איבער זיין קאָפּ, דערפילט ער מיטאַמאָל, ווי עפּעס שלאָגט זיך אָפּ מיט אַ שטילן קלאַנג אָן זיין שטערן, עפּעס אַ מעטאַל, אַ מעדאַליאָן, וואָס באָמבלט זיך אַראָפּ פון איר אָרעם־באַנד. עס פאַלט אים פּלוצלינג איין אַ געדאַנק. ער דריקט איר האַנט צו זיך, ווי אין ווילדער ליידנשאַפט און פרעסט דערביי איין די מטבע טיף אין זיין האַלב־אָנטבלויזטער האַנט, ביז זי גראָבט זיך אַריין אין זיין הויט. אַצינד איז פאַר אים קלאָר, אַז ער פאַרמאָגט שוין אַ סימן און ער גיט זיך ווידער איבער מיט זיין דורשטיק לייב צו דער פאַרהאַלטענער ליידנשאַפט. ער פרעסט זיך איצט טיף אַריין אין איר קערפּער, זויגט די גלוסטונג פון אירע ליפּן, פאַרזינקנדיק

אין דערדאַזיקער סודותפולער, גליענדיקער ליידנשאַפט פון דער שטילשווייגנדיקער אומאַרמונג.

און בשעת זי שפּרינגט דערנאָך אויף, פּונקט ווי נעכטן, און אַנטלויפט, פּרוּווט ער זי שוין נישט צו פאַרהאַלטן, וואָרים די בייז־גיריקייט נאָך דעם סימן ברויזט אין זיין בלוט. ער לויפט שטורמיש צו זיין צימער, לאָזט דעם טונקל־בלישטשענדיקן לאָמפּ העל אויפפלאַקערן און בייגט זיך מיט גיריקייט איבער דער חתימה, וואָס די מטבע האָט אויסגעגראָבן אין זיין אָרעם.

עס איז שוין נישט גאַנץ דייטלעך, דער עוגל איז פאַרווישט, נאָר איין זייט איז נאָך שאַרף און רויט איינגעפרעסט, געצוי קענטיק. בא די עקן קאַנטיק אָפּגעשליפן. אַכטקאַנטיק מוז די מטבע זיין און ווי אַ פּעני גרויס, נאָר פלאַטישער, וואָרים די אריינגראָבונג איז אויף איין אָרט נאָך קענטיק מיט דער פולער טיפקייט, וואָס אַנטשפּרעכט דער דיקקייט פון דער מטבע. ווי פייער ברענט אים די חתימה, בשעת ער באַטראַכט זי אַזוי גיריק, זי הייבט אים פּלוצלינג אָן ווי צו טון, ווי אַ וואונד און ערשט, ווען ער שטעקט אריין די האַנט אין קאַלטן וואַסער, הערט אויף דאָס שמערצלעכע ברענען. אַכטקאַנטיק איז דער מעדאַליאָן: אַצינד פילט ער זיך גאַנץ זיכער. זיין בליק פינקלט מיט נצחון. מאָרגן וועט ער שוין אַלץ וויסן.

צומאָרגנס אינדערפרי איז ער איינער פון די ערשטע באַם פרישטיק־טיש. פון די דאַמען געפינען זיך דאָ אַן עלטערע פרייַלין, זיין שוועסטער און די גרעפין ע. זיי זענען אַלע מונטער, פירן אַ געשפּרעך און לייגן אויף אים וויניק אַכט. ער קאָן זיי דעריבער בעסער באַאָבאַכטן. זיין בליק לויפט שנעל דורך איבער די האַנט־רייפן בא דער גרעפין: זי טראָגט נישט קיין אָרעם־באַנד. אויב אַזוי קאָן ער מיט איר רויק רעדן, דאָך זיין נערוועזער בליק ווענדט זיך כסדר צו דער טיר. די דריי שוועסטערן, זיינע קוזינעס קומען אַצינד אָן צוזאַמען. עס באַפאַלט אים ווידער אַן אומרויקייט. ער קוקט אויף זייער אָרעם־צירונג, וואָס זעט זיך אומדייטלעך אַרויס פון אונטער די אַרבל. זיי פאַרנעמען שנעל ערטער; גאָר קייגנאיבער אים קיטי, וואָס פאַרמאָגט טונקל־ברוינע

האָר, מאַרגאָט די בלאָנדע און עליזאַבעט, וואָס אירע האָר זענען
אַזוי העל, אַז זיי לויכטן אין דער טונקלקייט, ווי זילבער און
גלאַנצן, ווי באַגילדט קייגן דער זון. אַלע דריי זענען ווי תּמיד
קאַלט, שטיל און צוריקגעהאַלטן, פאַרגליווערט אין אַ שטאָלצן
אויסדרוק, וועלכן ער האָט אַזוי פיינט אין זיי, וואָרים זיי זענען
דאָך גאָרנישט קיין סך עלטער פאַר אים און מיט עטלעכע יאָר
צוריק האָבן זיי זיך נאָך געשפּילט צוזאַמען מיט אים. עס פעלט
נאָך זיין פּעטערס יינגע פרוי. דעם יינגלס האַרץ ווערט וואָס אַמאָל
אומרויקער, פילנדיק אַזוי נאָענט די אויפקלערונג. וואָס דאַרף באַלד
קומען, און מיטאַמאָל ווערן אים די רעטזעלהאַפטיקע פיין פונם
סוד כּמעט ליב. אָבער זיין נייגיריקער בליק בלאָנדזשעט אַרום
איבער די קאַנטן פונם ווייס=געדעקטן טיש, וואו די פרויענס הענט
ליגן רויק אָנגעלענט. אָדער באַוועגן זיך, ווי שיפן אין אַ קלאָ=
רער בוכטע. ער זעט בלויז די הענט און פּלוצלינג ווייזן זיי זיך
אים אויס, ווי עפּעס באַזונדערע וועזנס, אַזוי ווי געשטאַלטן אויף
דער בינע, גלייך ווי יעדע האַנט פאַרמאָגט אַן אייגן לעבן און אַ
נשמה. פאַרוואָס קלאַפּט אים אַזוי דאָס בלוט אין די שלייפן? אַלע
דריי קוזינעס, זעט ער דערשראָקן, טראָגן אָרעם=רייפן, און ער
ווערט צעטומלט פונם געדאַנק, אַז עס איז זיכער איינע פון די=
דאָזיקע שטאָלצע פרויען, וואָס ווייזן זיך אויס אויסערלעך אַזוי
צניעותדיק, אָבער וועלכע ער קען פון זיין קינדהייט אָן פאַר
עקשנותדיק און זיך פאַרבאָרגענע. וועלכע קאָן עס זיין? קיטי,
וועלכע ער קען אַמווייניקסטן, ווייל זי איז די עלטסטע, די גאווה=
דיקע מאַרגאָט, אָדער די קליינע עליזאַבעט? דער געדאַנק, אַז
ס'איז עמעצער פון זיי, האָט אויף אים געוואָרפן אַ שרעק. אי=
בערלעך אין האַרצן וואָלט ער געוועהן צופרידן, ווען ס'זאָל קיין
איינע נישט זיין פון זיי, אָדער ער זאָל עס לכל הפחות גאָרנישט
וויסן. נאָר באַלד ווערט ער ווידער מיטגעריסן פונם באַגער, דעם
סוד צו דערגיין.

„מעג איך דיך בעטן נאָך אַ שאָל טיי, קיטי?" זיין קול
קלינגט אַזוי, גלייך ער וואָלט געהאַט זאַמד אין דער קעל. ער
דערלאַנגט די שאָל, זי מוז אויפהייבן איר האַנט, אויסשטרעקן זי

איבערן טיש, ביז אַהין צו אים. איין אויגנבליק — ער דערזעט אַ מעדאַליאָן, וואָס באָמבלט זיך ציטערנדיק באַ איר אָרעם-רייף. איין סעקונדע בלייבט ער מיט אַ פאַרגליווערט אויסגעשטרעקטער האַנט, אָבער ניין עס איז אַ גרינער שטיין, רונד איינגעפאַסט, וועלכער קלינגט שטיל אָן דעם פאָרצעלאַן. זיין בליק גלעט דאַנקבאַר קי-טיס ברוינע האָר.

ער אָטעמט אָפּ איין אויגנבליק.

„מעג איך דיך באַמיען נאָך אַ שטיקל צוקער, מאַרגאָט ?"

אַ שמאָלע האַנט קעגנאיבער דערהייבט זיך איבערן טיש, שטרעקט זיך אויס איבער אַ זילבערן קעסטל און ברענגט עס אַהער. און דאַן — זיין האַנט ציטערט לייכט — דערזעט ער אויף איר האַנט-געלענק אונטערן אַרבל אַ פיין-געפלאָכטענע רייף, פון וועלכער עס הענגט אַראָפּ אַן אַלטע זילבערנע מטבע, אַכטקאַנטיק געשליפן, ווי אַ פעני די גרויס, וואַרשיינלעך אַ פאַמיליען-צירונג-שטיק. אָבער אַכטקאַנטיק, מיט די שאַרפע עקן, וועלכע האָבן זיך נעכטן איינגע-גראָבן אין זיין פלייש. זיין האַנט ציטערט נאָך אַלץ, צוויי מאָל טאַפּט ער אָן דאָס צוקער-צווענגל, דערנאָך ערשט לאָזט ער אַראָפּ אַ שטיק צוקער אין דער טיי, וועלכע ער פאַרגעסט צו טרינקען.

מאַרגאָט ! אויף זיינע ליפּן ציטערט דער נאָמען, אַזוי ווי אַן אויסגעשריי פון דער גוואַלטיקסטער איבעררעשונג ; אָבער ער דריקט צוזאַמען די ציין. מיטאַמאָל דערהערט ער זי רעדן — און איר קול ווייזט זיך אים אויס אַזוי פרעמד, גלייך ס'וואָלט עמעצער גערעדט פון אַ טריבונע אַראָפּ — קאַלט, מיושבדיק, לייכט-וויצל-דיק און מיט אַזאַ רויקן אָטעם, אַז עס שווינדלט אים כמעט פאַר דעם מוראדיקן ליגנט פון איר לעבן. איז עס ווירקלעך די זעלבע פרוי, וועלכע ער האָט נעכטן אַ שווער-אָטעמענדיקע געדריקט צו זיך, פון וועלכערס פייכטע ליפּן ער האָט געטרונקען, וועלכע האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים באַנאַכט, ווי אַ רויב-חיה ? מיט אַ פאַרגליווערטן בליק קוקט ער כסדר אויף אירע ליפּן. יאָ, יענע האַרטנעקיקייט, דאָס פאַרשלאָסנקייט קאָן זיך נאָר אויף דידאָזיקע שאַרפע ליפּן פאַרבאָרגן. אָבער וואָס באַדייט דידאָזיקע גליענדיקע ליידנשאַפט ?

ער קוקט טיפער אַריין אין איר פּנים, גלייך ער וואָלט עס געזעען צום ערשטן מאָל. און צום ערשטן מאָל פילט ער מיט שטורמישער פרייד, שוידערנדיק פאַר גליק און כמעט נאָנט צו וויינען, ווי שיין זי איז געווען אין דעמדאָזיקן שטאָלץ, ווי רייצנד אין איר סודותדיקייט. מיט אַ גלוסטיקן בליק לויערט ער נאָך די רונדקייט פון אירע אויגן-ברעמען, וואָס פאַרענדיקט זיך בײַ די ווינקלען מיט אַ שאַרפער, אַרויפקלעטערנדיקער ליניע, ער גראָבט זיך טיף אַריין אין דעם קאַלטן שטאָל פון אירע גרוי-גרינע אויגן, קושט די בלאַסע, עטוואָס דורכזיכטיקע הויט פון אירע באַקן, בייגט די אַצינד שאַרף-אויסגעצויגענע ליפן ווייכער צום קושן, בלאָנדזשעט אַרום איבער די העלע האָר און דאַן גליטשט זיך זיין בליק שנעל אַדורך איבער איר גאַנצן געשטאַלט און נעמט עס גלוסטיק אַרום. ער האָט זי ביז דערדאָזיקער סעקונדע קיינמאָל נישט געקענט. און בשעת ער שטייט אויף פון טיש, ציטערן אים די קני. ער איז פון איר אָנבליק פאַרשכורט, ווי פון שטאַרקן וויין.

אונטן הערט זיך שוין זיין שוועסטערס קול רופן. די פערד שטייען גרייט צום פרימאָרגנדיקן רייט-שפּאַציר, זיי שפּרינגען אונטער נערוועז און קייען אומגעדולדיק די צוים-צינגלעך. שנעל זעצט זיך איינער נאָכן אַנדערן אין זאָטל אַריין און דער בונטער רייטערצוג לאָזט זיך איבער דער ברייטער גאָרטן-אַלעע. צום ערשט, אין אַ לאַנגזאַמען לויף-שריט, וואָס זיין גלייכמעסיקער קלאַנג שטימט אַזוי ווייניק מיטן שנעלן טאַקט פונם ייִנגלס ברויזנדיקן בלוט. דערנאָך אָבער, הינטערן טויער, לאָזן זיי נאָך די צוימען בײַ די פערד און רייטן שטורמיש אַראָפּ פון ברייטן וועג אויף די זייטן רעכטס און לינקס, אַריין אין די היי-פעלדער, איבער וועלכע עס טראָגט זיך נאָך אַ לייכטער פרימאָרגן-דאַמף. באַנאַכט האָט געמוזט זיין אַ שטאַרקער טוי, וואָרים אונטער דעם נעפּלדיקן רויך בלישטשען אומרויִקע פינקען, און די לופט איז וואונדערלעך קיל, ווי פון אַ נאָענטן וואַסערפאַל. די געשלאָסענע גרופּע שפּרייט זיך פונאַנדער, די קייט ווערט צעריסן אויף פאַרביקע שפּליטערלעך, עטלעכע רייטער זעען שוין אין וואַלד און צווישן די בערג פאַרשוואונדן געוואָרן.

מאַרגאָט געפֿינט זיך צווישן די, וואָס רייטן פֿאָרויס. זי האָט ליב דאָסווילדע געיעג, דאָס ליידנשאַפֿטלעכע אָנגעלויף פֿון ווינט, וואָס רייסט זיך אַריין אין אירע האָר; דאָס אומבאַשרייבלעכע געפֿיל פֿון דעם שטורמישן פֿאָרויס-לויף אין שאַרפֿן גאַלאָפּ. הינטער איר שטורמט נאָך דאָס ייִנגל: ער זעט איר הויך-דערהויבענעם שטאָלצן קערפּער, וואָס איז אין אַ שיינער ליניע געבויגן, צוליב דער ווילדער באַוועגונג; ער זעט טיילמאָל איר פּנים, וואָס איז באַהויכט מיט אַ לייכטער רויטקייט און אירע פֿינקלענדיקע אויגן. און אַצינד, בעת איר קראַפֿט קומט אַזוי ליידנשאַפֿטלעך צום אויסדרוק, דערקענט ער זי ווידער. מיט פֿאַרצווייפֿלונג דערפֿילט ער זיין פּלוצלינגע ליבע, זיין באַגער. עס באַפֿאַלט אים אַ ווילדער ליידנשאַפֿטלעכער פֿאַרלאַנג, פּלוצלינג זי אַרומצונעמען, אַראָפּצורייסן זי פֿון פֿערד און איינקלאַמערן אין זיינע אָרעמס, ווידער זיך איינצוזויגן אין די ווילדע ליפּן און פֿײַן לעבן זיין ברוסט דאָס ציטערנדיקע שלאָגן פֿון איר אויפֿגעברויזט האַרץ. ער טוט אַ קלאַפּ דעם פֿערד אין אַ זייט און עס טוט הירזשענדיק אַ שפּרונג פֿאָרויס. אַצינד איז ער לעבן איר, זיין קני רירט כמעט אָן אירע, די פֿיסהאַלטערס פֿון די זאָטלען שלאָגן זיך לייכט אָן איינער אָן אַנדערן. אַצינד מוז ער עס אַרויסזאָגן, ער מוז. „מאַרגאָט“, שטאַמלט ער אַרויס. זי ווענדט צו אים דעם קאָפּ, די שאַרפֿע ברעם פֿאַרציט זיך אינדערהייך. „וואָס איז, באָב?“ גאַנץ קאַלט זאָגט זי עס אַרויס. און גאַנץ קאַלט און בלאַנקענדיק זענען אירע אויגן. אַ שוידער לויפֿט אים דורך איבערן לייב ביז צו די קני. וואָס האָט ער דען געוואָלט זאָגן? ער ווייסט עס שוין נישט. ער שטאַמלט עפּעס ווערטער וועגן צוריקקערן זיך. „ביסטו מיד“, זאָגט זי, לייכט שפּאָטיש, ווי אים דאַכט זיך. „ניין, נאָר די איבעריקע זענען געבליבן אַזוי ווייט הינטער אונז“, זאָגט ער נאָך אַרויס מיט גרויס מי. ער פֿילט, אַז נאָך אַן אויגנבליק, און ער וועט מוזן באַגיין עפּעס אַן אומזיניקן טאַט, פּלוצלינג אויסשטרעקן נאָך איר זיינע אָרעמס, אָדער ער וועט אָנהייבן צו וויינען, אָדער איר אַ שמיץ טון מיט דער שפּיץ-רוט, וואָס ציטערט, ווי עלעקטריזירט אין זיין האַנט. מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג גיט ער אַ צי צוריק דאָס

פערד בײַ דער צוים, אַז עס זעצט זיך שיעור אויף די הינטערשטע פיס. זי לויפט שטורמיש ווײַטער, הויך דערהויבן, שטאָלץ, נישט־צוגענגלעך.

די איבעריקע דעריאָגן אים באַלד. רעכטס און לינקס אַרום אים רוישט אַ הײַטער געשפּרעך, אָבער די ווערטער און דאָס לאַכן זשומען אין זײַנע אויערן זינלאָז, ווי דאָס האַרטע קלאַפּערײַ פון די פערדישע טריט. עס פּײַניקט אים, וואָס ער האָט נישט געפונען קיין מוט, צו זאָגן איר וועגן זײַן ליבע און ברענגען זי דערצו, זי זאָל זיך מודה זײַן. דער הייסער באַגער זי צו באַהערשן ווערט אין אים וואָס אַמאָל ווילדער, פאַר זײַנע אויגן פלאַקערט אויף אַ פלאַם, גלײַך ווי אַ רויטער הימל וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן לאַנד. פאַרוואָס האָט ער זיך נישט באַצויגן צו איר מיט שפּאָט, אַזוי ווי זי צו אים מיט איר האַרטנעקיקייט? נישט ווילנדיק טרײַבט ער שטאַרקער דאָס פערד, און ערשט אין דעם היציקן געדויש פון לויפן ווערט אים לײַכטער. מיטאַמאָל רופן די איבעריקע, זיך אַהיימצוקערן. די זון איז איבערן באַרג אַרויפגעקלעטערט און שטייט שוין הויך אין מיטן הימל. פון די פעלדער דערטראָגט זיך אַהער אַ ווײַכער, באַרוישנדיקער דופט, די פאַרבן זענען געוואָרן שרײַענדיק און ברענען אין די אויגן, ווי צעשמאָלצן גאָלד. אַ שטיקנדיקייט און אַ שווערקייט שפּרייט זיך אויס איבערן לאַנד, די פאַרשוויצטע פערד לויפן שוין מידער, לאָזן אַרויס פון זיך אַ וואַרעמען דאַמף און אָטעמען שווער. לאַנגזאַם פאַרזאַמלט זיך ווידער דער רײַטער־צוג, די הײַטערע שטימונג איז שוין אַ ביסל אָפּגעקילט און דאָס געשפּרעך איז מעסיקער געוואָרן.

אויך מאַרגאָט איז אָנגעקומען. איר פערד איז פאַרשוימט, ווײַסע שטיקער שוים ציטערן אויף איר קלייד און דער רונדער אָפּ אַרום אירע האָר האַלט באַם פונאַנדערפאַלן, אַזוי שוואַך האַלטן אים שוין צו די האָר־נאָדלען. דאָס ייִנגל קוקט, ווי פאַרכשופט אויף די בלאָנדע פאַרפלאָכטענע האָר, און דער געדאַנק, אַז זיי קאָנען זיך פלוצלינג צעפאַלן אין ווילדע, פלאַטערנדיקע פלעכטן, ברענגט אים אַרײַן אין אַ ווילדער אויפגעברויזטקייט. שוין זעט מען שימערן דאָס געוועלבטע גאָרטן־טויער באַם סוף פון שאָ-

סיי און דאַן די בריימע אַלעע, וואָס פירט צום שלאָס. פאָרזיכטי-
מיידט ער אויס די איבעריקע און לאָזט זיך פאָרויס. ער קומט
אָן דער ערשטער אויפן אָרט, שפרינגט אַראָפּ, גיט איבער דעם
אַהער-איילנדיקן דינער די צוים-שנור און וואַרט אָפּ דעם רייטער-
צוג. מאַרגאָט איז איינע פון די לעצטע. זי דערנענטערט זיך
אַהער זייער פּאַמעלעך, דעם קערפּער עטוואָס צוריקגעצויגן, דער-
שעפּט, ווי נאָך אַ ליידנשאַפטלעכן באַגער. אַזוי האָט זי געמוזט
אויסזעען, פילט ער, ווען זי האָט איר פאַרשכורטקייט איינגעשטילט,
אַזוי האָט זי געמוזט אויסזעען נעכטן און פאַרנעכטן באַנאַכט. דאָס
דערמאָנען זיך מאַכט אים ווידער ווילד. ער לאָזט זיך האַסטיק צו
איר. מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם העלפט ער איר אַראָפּלאָזן זיך
פון פערד. בעת ער האַלט דאָס טריט-אייזן פונם זאָטל, קלאַמערט
זיין האַנט אַרום דאָס צאַרטע קנעכל פון איר פוס. „מאַרגאָט",
קרעכצט ער, מורמלט ער שטיל. זי ענטפערט נישט אפילו מיט
קיין בליק און נעמט געלאַסן אָן באַם אַראָפּשפּרינגען זיין אויסגע-
שטרעקטע האַנט.

„מאַרגאָט, ווי וואונדערלעך דו ביסט", שטאַמלט ער ווידער
אַרויס. זי קוקט אים אָן שאַרף, די ברעם שניידט זיך איר ווידער
אַריין הויך אויפן שטערן. „מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט שכור, באָב!
וואָס פלאַפּלסטו דאָ?" צאָרנדיק איבער איר פאַרשטעלן זיך און
בלינד פאַר ליידנשאַפט, דריקט ער איר האַנט פעסט צו זיך, גלייך
ער וואָלט זי וועלן אַריינגראָבן אין זיין ברוסט. דאַן גיט אים מאַר-
גאָט, רויט ווערנדיק פאַר כּעס, אַ האַסטיקן שטויס, אַז ער ווערט
צעמישט, און גייט שנעל אַוועק פון אים. דאָס אַלץ איז געשען
אַזוי בליץ-שנעל, אַז קיינער האָט עס נישט באַמערקט און אים אַליין
ווייזט זיך אויס, אַז דאָס איז בלויז געווען אַ שרעק-חלום.

ער איז אַזוי בלאַס, אַזוי צעטראָגן דערנאָך דעם גאַנצן טאָג,
אַז די בלאָנדע גרעפין גלעט אים פאַרבייגייענדיק די האָר און
פרעגט אים, אויב עס פעלט אים עפּעס. ער איז אַזוי צאָרנדיק, אַז
ער טרייבט אַוועק פון זיך זיין הונט, וועלכער שפּרינגט אים ביל-
דיק אַנטקעגן; ער איז אַזוי אומגעשיקט באַם שפּילן, אַז די מייד-
לעך לאַכן אים אויס. דער געדאַנק, אַז זי וועט היינט באַנאַכט נישט

קומען, פאַרחמט אים זיין בלוט, מאַכט אים בייז און אָנגעברוגזט. זיי זיצן אינדרויסן צוזאַמען אין גאָרטן באַם טיי־טרינקען, מאַרגאָט קייגנאיבער אים, אָבער זי קוקט אים נישט אָן. זיינע אויגן ציטערן ווי מאַגנעטיזירט און בליקן כסדר אין מאַרגאָטס אויגן אַריין, אָבער אירע זענען רויק און קאַלט, ווי גרוי געשטיין און גיבן נישט פון זיך קיין שום ווידערקלאַנג. עס באַפאַלט אים אַ פאַרביטערונג, וואָס זי שפילט מיט אים אַזוי. בעת זי קערט זיך איצט אָפּ פון אים אַזוי גאוואוהדיק, קנוילט זיך זיין פויסט צוזאַמען און ער פילט, אַז ער וואָלט אימשטאַנד געווען זי צו שלאָגן.

„וואָס איז דיר, באָב, דו ביסט דאָך אינגאַנצן בלייך", לאָזט זיך פלוצלינג הערן אַ קול. עס איז די קליינע עליזאַבעט, מאַרגאָטס שוועסטער. אין אירע אויגן גלאַנצט אַ וואַרעמע, ווייכע שיין, אָבער ער באַמערקט דאָס נישט. ער פילט זיך, ווי געכאַפּט באַ עפּעס און זאָגט מיט כעס: „לאָזט מיך דאָך ענדלעך צורו מיט אייער פאַרפלוכטער זאָרגפעלטיקייט". און באַלד האָט ער חרטה, וואָרים עליזאַבעט ווערט זייער בלאַס, זי ווענדט זיך אָפּ און זאָגט מיט טרערן אין קול: „דו ביסט שוין אָבער מער, ווי מערקווירדיק". אַלע קוקן אים אָן בייז און דראָענדיק און ער אַליין פילט זיין אומקאָרעקטקייט. נאָר מיטאַמאָל, נאָך איידער ער האָט צייט זיך צו אַנטשולדיקן, דערהערט זיך אַ האַרטע שטים, בלאַנק און שאַרף, ווי אַ מעסער־שניט, עס איז מאַרגאָטס שטים, וואָס קומט פון דער אַנדערער זייט טיש: „איך געפין איבערהויפּט אײַן, אַז באָב איז פאַר זיינע יאָרן זייער אומדערצויגן. עס איז אַן עוולה אים צו באַהאַנדלען, ווי אַ דזשענטעלמאַן, אָדער אפילו בלויז, ווי אַ דערוואַקסענעם". מאַרגאָט זאָגט דאָס, מאַרגאָט, וואָס האָט אים נאָך נעכטן באַנאַכט אירע ליפּן געשאָנקען. ער פילט, ווי אַלץ אַרום אים דרייט זיך, אַ נעפּל פאַרציט זיך פאַר זיינע אויגן. עס כאַפּט אים אַרום אַ צאָרן. „דו מוזט עס טאַקע וויסן. גראָד דו!" זאָגט ער אַרויס מיט אַ זייער בייזער באַטאָנונג און שטייט אויף. הינטער אים פאַלט אום די שטול דורך דער האַסטיקער באַוועגונג, אָבער ער קוקט זיך נישט אום.

און דאָך, ווי אומזיניק עס ווייזט זיך אים אַליין אויס, שטייט

ער באַנאַכט ווידער אונטן אין גאָרטן און בעט צו גאָט, אַז [illegible] זאָל קומען. אפשר איז אויך יענץ געווען בלויז אַ פאַרשטעלן זיך און האַרטנעקיקייט, ביין, ער ווייס זי שוין מער נישט פרעגן און נישט מאַטערן, אויב זי וועט נאָר קומען, אויב ער וועט נאָר ווידער קענען שפירן באַ זיין מויל דעם ווילרן באַגער פון דידאָזיקע ווייכע, פייכטע ליפּן, וואָס לייגט אַרויף אַ זיגל אויף אַלע פראַגן. עס ווייזט אויס, ווי די שעהן וואָלטן איינגעשלאָפן; ווי אַ פוילע, שוואַכע חיה ליגט די נאַכט פאַרן שלאָס; אומזיניק לאַנג ציט זיך די צייט. דאָס אַרומיקע שטילע זשומען אין גראָז ווייזט זיך אים אויס, ווי פון שפּאָטישע שטימען באַלעבט. ווי חוזקדיק פונאַנדערגעשפּרייטע הענט ווייזן זיך אויס די צווייגן, וואָס באַוועגן זיך לייכט און שפּילן זיך מיט זייער אייגענעם שאָטן און מיטן בלאַסן ליכט־אָפּשיין. דאָס גאַנצע געוויש איז פאַרפּלאָנטערט און פרעמד, שווערער אַריבערצוטראָגן, ווי די שטילקייט. אָפטמאָל דערטראָגט זיך אַהער אַ בילן פון אַ הונט ווייט אויפן לאַנד, טיילמאָל גליטשט זיך קווער איבערן הימל אַ פאַלנדיקער שטערן און לאָזט זיך אַראָפּ ערגעץ־וואו הינטערן שלאָס. די נאַכט שיינט צו ווערן וואָס אַמאָל העלער, די ביימער־שאָטנס איבערן וועג וואָס אַמאָל טונקעלער און וואָס אַמאָל פאַרפּלאָנטערטער דידאָזיקע שטילע קלאַנגען. און פּלוצלינג הילן ווידער איין דעם הימל וואַנדערנדיקע וואָלקנס אין אַ מאַטער, מרה־שחורהדיקער פינסטערניש. ווייטיקדיק שווער לאָזט זיך דידאָזיקע איינזאַמקייט אַראָפּ איבער דעם ציטערנדיקן האַרץ.

דאָס ייִנגל גייט הין און צוריק. וואָס אַמאָל האַסטיקער און שנעלער. טיילמאָל קלאַפּט ער מיט כּעס אָן אַ בוים, אָדער צערייבט די האַרטע שאָל פון די ביימער צווישן זיינע פינגער, ער צערייבט זי אַזוי צאָרנדיק, אַז די הענט הייבן אים אָן צו בלוטיקן. ניין, זי וועט נישט קומען. ער האָט עס געוואוסט, אָבער דאָך וויל ער עס נישט גלייבן, וואָרים אויב אַזוי, וועט זי שוין קיינמאָל נישט קומען, שוין קיינמאָל נישט. עס איז דער ביטערסטער אויגנבליק אין זיין לעבן. און אַזוי ליידנשאַפטלעך יונג איז ער נאָך, אַז ער וואַרפט זיך האַסטיק אַריין אין פייכטן מאָך, גראָבט זיך איין מיט די נעגל אין דער ערד; טרערן פליסן איבער זיינע באַקן, ער

שלוכצט שטיל און פאַרביטערט, ווי ער האָט קיינמאָל אַלס קינד נישט געוויינט און וועט שוין קיינמאָל נישט קענען אַזוי וויינען.

פלוצלינג דערהערט זיך אַ לייכט קנאַקן צווישן די ביימער, וואָס וועקט אים אויף פון זיין פאַרצווייפלונג. און ווי ער שפּרינגט אויף און ציט אויס בלינד-טאַפּנדיק זיינע הענט פאַר זיך, דערפילט ער פלוצלינג אַ וואונדערלעכן וואַרעמען שטויס אָן זיין ברוסט און אין זיינע אָרעמס געפינט זיך ווידער דער קערפּער, פון וועלכן ער האָט אַזוי ווילד געח‍ֹמט. אַ שלוכצן שוימט אַרויס פון זיין קעל, זיין גאַנץ וועזן ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ גוואַלטיקן קראַמף, און ער דריקט דאָסדאָזיקע פולע לייב צו זיך אַזוי באַצווינגעריש, אַז פון די פרעמדע און שטומע ליפּן רייסט זיך אַרויס אַ קרעכצן און בעת ער הערט זי אַצינד קרעכצן אונטער זיין מאַכט, דערפילט ער צום ערשטן מאָל זיין הערשאַפט איבער איר, נישט אַזוי ווי נעכטן, פאַרנעכטן, ווען ער איז געווען דאָס ווילד-רויב פון איר קאַפּריז; עס באַפאַלט אים אַ פאַרלאַנג, זי צו פייניקן פאַר די יסורים, וואָס ער האָט דורך איר געשלעפּט אויף זיך אַזוי פיל לאַנגע שעהן, צו שטראָפן זי פאַר איר האַרטנעקיקייט, פאַר די פאַראַכטונג-ווערטער היינטיקן אָוונט אין דער אָנוועזנהייט פון אַנדערע, פאַר דעם ליגנערישן שפּיל פון איר לעבן. זיין ברענענדיקע ליבע ווערט אַזוי פעסט פאַרפלאָכטן מיט שנאה, אַז די-דאָזיקע אומאַרמונג איז גיכער קאַמף, איידער צערטלעכקייט. ער פאַרקלעמט אירע שמאָלע האַנט-געלענקען אַזוי פעסט, אַז איר גאַנצער שווער-אָטעמענדיקער קערפּער קוועטשעט זיך איין, און דאַן רייסט ער זי צו זיך אַזוי שטורמיש, אַז זי קאָן זיך נישט רירן און לאָזט בלויז אַרויס אַ פאַרטויבט קרעכצן, ער ווייסט נישט, צי פון גלוסטונג, אָדער פון ווייטיק. אָבער קיין איין וואָרט קאָן ער פון איר נישט אַרויספּרעסן. ווען ער גראָבט איין זיינע זויגנדיקע ליפּן אין אירע, כדי אויך דאָס פאַרטויבטע קרעכצן צו דערשטיקן, דערפילט ער אַ וואַרעמע פייכטקייט, בלוט, רינענדיק בלוט, אַזוי שטאַרק זענען אירע ציין געווען פאַרביסן אין די ליפּן. און אַזוי פייניקט ער זי, ביז ער דערשפּירט פלוצלינג, ווי זיין אייגענע קראַפט פאַרשווינדט און דער הייסער שטראָם פון גלוסטונג ווערט

פונאַנדערגעגאָסן, און דאַן קייכן זיי ביידע, ברוסט בײַ ברוסט. פלאַמען האָבן זיך איבער דער נאַכט אַראָפּגעלאָזט, שטערן, דאַכט זיך אים, פינקלען פאַר זיינע אויגן, אַלץ ווערט פאַרוויקלט, די געדאַנקען לויפן ווילדער, און אַלדינג פאַרמאָגט בלויז איין נאָמען: מאַרגאָט. פאַרשטיקט, אויס דער טיפעניש פון זיין נשמה, רייסט זיך ענדלעך אַרויס דאַסדאָזיקע וואָרט, ווי אַ גליענדיקער שטראָם; פרייד און פאַרצווייפלונג, באַגער, שנאה, צאָרן און ליבע צוגלייך פאַרוואַנדלט זיך אין דעם איינציקן אויסגעשריי, אין וועלכן עס זענען פאַרבאָרגן יסורים פון די דריי טעג: מאַרגאָט, מאַרגאָט, און אין דידאָזיקע צוויי זילבן ציטערט פאַר אים די גאַנצע מוזיק פון דער וועלט.

ווי פון אַ קלאַפּ געטראָפן גיט דאָס בלוט האַסטיק אַ לויף איבער איר לייב. די ווילדע אומאַרמונג ווערט מיטאַמאָל פאַרגלי־ווערט; אַ ווילדער, האַסטיקער שטויס, אַ שלוכצן, אַ געוויין צי־טערט־אויף אין איר שטים, און באַלד ווערן די באַוועגונגען ווי־דער אָנגעגאָסן מיט פייער, אָבער נאָר, כדי זיך אַרויסצורייסן, ווי פון אַ פאַרהאַסטער באַרירונג. ער פרוווט זי צו פאַרהאַלטן, אָבער זי ראַנגלט זיך מיט אים; באַם צובייגן דאָס פנים פילט ער טרערן פון צאָרן ציטערן אויף אירע באַקן און דעם שלאַנקן קערפּער איינגעקוּרטשעט, ווי אַ שלאַנג. און פלוצלינג שליידערט זי אים אָפּ מיט אַ פאַרביטערטן שטויס און אַנטלויפט. דער אָפּשיין פון איר קלייד שימערט ווייס צווישן די ביימער און באַלד ווערט ער פאַר־שלונגען פון דער פינסטערניש.

און ווידער בלייבט ער שטיין אַליין, דערשראָקן און צע־טומלט, ווי באַם ערשטן מאָל, ווען די וואַרעמקייט און די ליידנ־שאַפט האָט זיך פלוצלינג אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס. פאַר זיינע אויגן פינקלען די שטערן מיט אַ פייכטן גלאַנץ און דאָס בלוט עג־בערט מיט שפּיציקע פינקען זיין שטערן. וואָס איז אים געשען? ער שלייכט זיך צווישן די ביימער טיפער אין גאָרטן אַריין, דאָרט, וואו ס'שפּרודלט דער קליינער פאָנטאַן, און לאָזט זיין האַנט גלעטן פון וואַסער, פון ווייס, זילבערן וואַסער, וואָס מורמלט אים צו שטיל און לייכט וואונדערלעך אינם אָפּשיין פון דער לבנה, וועלכע שיילט

זיך פאמעלעך ארויס פון די וואלקנס. און אצינד, בעת עס ווערט אים קלארער פאר די אויגן, נעמט אים פלוצלינג ארום א ווילדע טרויעריקייט, א וואונדערלעכער טרויער, גלייך ווי דער ווארעמער ווינט וואלט אים אהערגעבראכט פון צווישן דיביימער ארויס. א ווארעמער שטראם לויפט דורך איבער זיין ברוסט, און דייטלעכער, קלארער, ווי אין די מינוטן פון דער גליענדיקער אומארמונג, דערפילט ער אצינד, ווי שטארק ער ליבט מארגאטן. אלץ, וואס האט אים ביז ערשט נישט לאנג באהערשט, איז פון אים פארשוואונדן, די בארוישטקייט, דער שוידער, דער קאמף, כדי צו באהערשן און דער צארן איבער דעם פארבאטענעם סוד: אומעטיקזיס האלט אים די ליבע ארומגענומען, א שוין כמעט יאושדיקע, אבער דאך אן איבערמעכטיקע ליבע.

פארוואס האט ער זי אזוי געקוועלט? האט זי דען נישט אן א שיעור פיל געגעבן אין די דאזיקע דריי נעכט, האט זי אים דען נישט ארויסגענומען פון א טריבער טונקלקייט און פלוצלינג אריינגעפירט אין א פינקלדיקער און געוואלטיקער ליכטיקייט, זינט זי האט אנטפלעקט פאר אים די צערטלעכקייט און דעם ווילדן ציטער פון דער ליבע? און מיט טרערן, אין צארן איז זי פון אים אוועקגעגאנגען! עס אנטשטייט אין אים אליידנשאפטלעכער פארלאנג נאך פארגעבונג, נאך א ווייך, רויק ווארט, עפעס א באגער, זי צו האלטן אומצודריגלעך־שטיל אין זיינע אָרעמס און איר צו זאגן, ווי דאנקבאר ער איז איר. יא, ער וועט אהינגיין צו איר גאנץ הכנעהדיק און וועט איר זאגן, ווי ריין ער ליבט זי און ער וועט שוין קיינמאל נישט אנרופן איר נאמען, קיינמאל נישט ארויספרעגן קיין פארבאטענע פראגע.

זילבערן־קלאר רוישט דאס וואסער און אים קומען אויפן זכרון אירע טרערן. אפשר איז זי אצינד גאנץ אליין אין איר צימער. טראכט ער ווייטער, ארומגערינגלט בלויז פון דער סודותדיקער נאכט, וואס האָרכט זיך צו צו אלעמען און טרייסט נישט קיינעם. אומדערטרעגלעך פיינלעך ווערט פאר אים דאסדאזיקע ווייט־און־נאענט זיין פון איר צו גלייכער צייט; דאס פילן זיין נשמה פארשטריקט אין אירער, נישט זעענדיק אפילו דעם שימער פון

אירע האָר, נישט פאַרנעמענדיק דעם לייכטסטן קלאַנג פון איר קול. און עס באַהערשט אים אַ הייסער באַגער, זיך צו געפינען נאָענט פון איר, און מעג עס זיין אפילו צו ליגן באַ איר טיר, ווי אַ הונט, אָדער ווי אַ בעטלער צו שטיין אונטער איר פענצטער.

אַ באַטריבטער שלייכט ער זיך אַרויס פון דער געדיכטער פינצטערניש, וואָס הערשט צווישן די ביימער און מיטאַמאָל דערזעט ער ליכט אין איר פענצטער, אויפן ערשטן שטאָק. עס איז אַ שוואַך, געל פלעמל, וואָס שלאָגט זיך אָפּ בלייך אויף די בלעטער פונם ברייטן בוים, וועלכער שטייט אויסגעצויגן, ווי אַ שוואַרצער ריז פאַרן פענצטער און בייגט אַלעמאָל צו זיינע צווייגן, וועלכע זעען אויס ווי הענט, וואָס ווילן אָנקלאַפּן אין דער קליינער באַלויכטענער שויב און ציט זיי ווידער צוריק, אָפּגעטריבן פונם לייכטן ווינט. דער געדאַנק, אַז הינטער דעמדאָזיקן באַלויכטענעם פענצטער געפינט זיך מאַרגאָט אַ וואַכעדיקע, אפשר וויינט זי נאָך, אָדער טראַכט וועגן אים, רעגט דאָס ייִנגל אַזוי אויף, אַז ער מוז זיך אָנשפּאַרן אָן בוים, כדי נישט אומצופאַלן.

ווי פאַרכישופט קוקט ער אַרויף מיט אַ פאַרגליווערטן בליק. די ווייסע גאַרדינען באַוועגן זיך אומרויִק דורכן לופט-צוג; טיילמאָל זעען זיי אויס, ווי באַגילדט דורך דעם אינעווייניקסטן אָפּגלאַנץ פון לאָמפּ-שיין, באַלד ווידער באַזילבערט, ווען זיי בייגן זיך צו צום לבנה-ליכט, וואָס פליסט און פינקלט צווישן די רונדע בלעטער. דערדאָזיקער באַוועגלעכער שפּיל פון שאָטן מיט ליכט שפּיגלט זיך אָפּ אויף דער באַלויכטענער שויב אין אַ לייכט געוועב פון העלע רעפלעקסן. נאָר דעם פיבערנדיקן, וואָס שטייט אַצינד אין שאָטן-טונקלקייט און קוקט אַרויף מיט אַ פאַרגליווערטן בליק, ווייזט זיך אויס, אַז אויף דער בלאַנקער שויב איז מיט טונקעלע צייכנס אָנגעשריבן דאָס געשעענע. די באַוועגלעכע שאָטנס, דער זילבערנער גלאַנץ, וואָס הילט איין דאָס העלע פענצטער, ווי אַ צאַרטער נעפּל, דידאָזיקע גיך-לויפנדיקע עמפּינדונגען פילן אָן זיין פאַנטאַזיע מיט שווינדלהאַפטיקע בילדער. ער זעט זי, מאַרגאָט, געוויקסיק און שיין, די האָר, אַך, די ווילדע, בלאָנדע האָר, פונאַנדערגעפלאָכטן און מיט דערוועלבער אומרויִקייט, וואָס ברויזט

אין אים, גייט זי אויף און אָפּ איבערן צימער; ער זעט זי אַ פּיבערנדיקע אין דער היץ פון איר ליידנשאַפט, אַ שלוכצנדיקע אין צאָרן. ער זעט דורך די הויכע ווענט, ווי דורך גלאָז, איר מינדסטע באַוועגונג; דאָס ציטערן פון אירע הענט, דאָס אַראָפּזינקען אויף אַ שטול און דעם שטומען, פאַרצווייפלטן בליק אויפן ווייסאויסגעשטערנטן הימל. אים דאַכט זיך אפילו אויס, בעת די שאָטנס פאַרשווינדן אויף אַ רגע פון דער שויב, אַז ער זעט איר געשטאַלט, ווי זי בייגט זיך שרעקעוודיק אַראָפּ און קוקט אויף דעם שלאָפנדיקן גאָרטן און אויך אויף אים. און עס באַפאַלט אים דאַן אַ ווילד געפיל, מיט אַ פאַרשטיקט און אָנגעשטרענגט קול רופט ער אַרויף איר נאָמען: מאַרגאָט! . . . מאַרגאָט!

איז דאָס נישט געווען אַ פאַרביישווינדלען, ווי פון אַ שלייער, ווייס און שנעל איבער דעם באַלויכטענעם פענצטער? אים דאַכט זיך, אַז ער האָט דאָס דייטלעך געזעען. ער האָרכט. נאָר קיין זאַך באַוועגט זיך נישט. הינטער אים הויכט דער שטילער אָטעם פון די אין שלאָף־פאַרזונקענע ביימער און דאָס לייכטע גערויש אין גראָז פונם פוילן ווינט, באַלד ווערט עס דערווייטערט און שטיל און באַלד ווידער העכער — אַ וואַרעמע כוואַליע, וואָס ווערט פאַרשלונגען אין דער שטילקייט. רויק אָטעמט די נאַכט, און שטום שטייט דאָס פענצטער, ווי אַ זילבערנע ראַם אַרום אַ פאַרטונקלט בילד. האָט זי אים נישט געהערט? אָדער וויל זי אים שוין נישט הערן?

דער ציטערנדיקער גלאַנץ אַרום דעם פענצטער מאַכט אויפברויזן זיין בלוט. זיין האַרץ שלאָגט הילכיק אויס דעם באַגער פון דער ברוסט אַרויס אויף דער האַרטער שאָל פון בוים, וועלכע שיינט אויפצוציטערן פון דערדאָזיקער ווילדער ליידנשאַפט. ער ווייסט בלויז, אַז ער מוז זי אַצינד זעען, ער מוז מיט איר רעדן, און זאָל ער אפילו דאַרפן איר נאָמען אַזוי הויך אויסצושרייען, אַז די מענטשן, וואָס זענען אין זאַל זאָלן אַהערקומען און אַנדערע פון שלאָף דערוואַכן. ער פילט, אַז עפּעס מוז אַצינד געשעען, דאָס אומזיניקסטע ווייזט זיך אים אויס פאַר מעגלעך, אַזוי ווי אין חלום ווייזן זיך אויס אַלע זאַכן לייכט און דערגרייכבאַר. און בשעת ער

דערהייבט אַצינד זיין בליק נאָכאַמאָל צום פענצטער, דערזעט ער
מיטאַמאָל דעם אָנגעבויגענעם בוים מיט אַן אויסגעשטרעקטער צווייג,
ווי אַ וועג-ווייזער, און באַלד נעמט זיין האַנט ווילד אַרום דעם
שטאַם. עס ווערט פאַר אים פלוצלינג אַלדינג קלאָר: ער מוז דאָרט
אַרויף — דער שטאַם איז אפילו ברייט אָבער ווייך און לייכט צום
אָנגעמען — און פון אויוון זי רופן, איין שפאַן בלויז פון איר
פענצטער; דאָרט נאָענט צו איר, וועט ער מיט איר רעדן און
נישט אַראָפגיין פריער, ביז זי וועט אים האָבן פאַרגעבן. ער פאַר-
טראַכט זיך נישט קיין איינציקע סעקונדע, ער זעט בלויז פאַר זיך
דאָס פענצטער, וואָס שימערט מיט אַ פאַרפ-רערישן גלאַנץ, און
שפירט לעבן זיך דעם ברייט-שטאַמיקן בוים, וואָס שטייט גרייט
אים אויפצונעמען. עטלעכע שנעלע באַוועגונגען, דאַן אַ שפרונג
אינדערהייך, און שוין האַלטן זיך זיינע הענט אָן אַ צווייג און ציען
ענערגיש נאָך דעם קערפער. און אַצינד געפינט ער זיך שוין אויוון,
כמעט גאָר אויוון צווישן די בלעטער-שטענגלעך, וואָס בייגן זיך
אונטער זיין משא. אַ ציטער-גערויש שלענגלט זיך דורך ביז אַרויף
צו די לעצטע בלעטער און די אויסגעשטרעקטע צווייג בייגט זיך
אָן שטאַרקער צום פענצטער, גלייך זי זאָל וועלן וואָרענען עמעצן
אינעווייניק. דער קלעטערנדיקער זעט שוין אַצינד דעם ווייסן סופיט
פון צימער און דעם גאָלדן-פינקלענדיקן ליכט-קרייז פון לאָמפ אינ-
דערמיטן. און ער ווייסט, לייכט ציטערנדיק פאַר באַרוישונג, אַז
נאָך אַן אויגנבליק און ער וועט זי אַליין דערזען אַ וויינענדיקע,
אָדער אַ שטיל-שלוכצנדיקע, אָדער אין נאַקעטן רייץ פון איר קער-
פער. זיינע אָרעמס ווערן שוואַך, נאָר ער באַהערשט זיך ווידער.
ער גליטשט זיך פאַמעלעך איבער דער צווייג, וואָס איז צוגעבויגן
צו איר פענצטער, זיינע קניען ווערן לייכט צעבלוטיקט, די הענט
צעריסן, אָבער ער קלעטערט ווייטער און ווערט שוין כמעט באַ-
לויכטן פונם נאָענטן אָפשיין פון פענצטער. אַ געדיכט קרענצל בלע-
טער פאַרשטעלט נאָך דעם פולן אויסזיכט, דעם אַזוי הייס באַגערטן
עצטן ציל, און בשעת ער הייבט אויף די האַנט, כדי אַוועקצו-
שאַרן די בלעטער און דער ליכט-שטראַל פאַלט שוין העל אויף
זיין פנים, בשעת ער בייגט זיך פאָרויס און טוט אַ ציטער — טוט

זיך זיין קערפּער אַ וואַקל, ער פאַרלירט דאָס גלייכגעוויכט און פאַלט שווינדלדיק אַראָפּ.

אַ לייכטער, פאַרטויבטער קלאַפּ פאַלט אַראָפּ אויפן גראָז, ווי פון אַ שווערער פרוכט. אויוון בייגט זיך אַרויס פון פענצטער אַ געשטאַלט און קוקט אומרויק אַראָפּ, אָבער די פינצטערניש איז אומבאַוועגלעך און שטיל, ווי אַ טייך, וואָס האָט איינגעשלונגען אַ דערטרונקענעם אין זיינע כוואַליעס. באַלד ווערט אויוון פאַרלאָשן דאָס ליכט און דער גאָרטן ווערט פריער פאַרצויגן מיט אַ געשפּעג־סטער־נעץ איבער די שטילשווייגנדיקע שאָטנס.

אין עטלעכע מינוט אַרום דערוואַכט דער אַראָפּגעפאַלענער פון זיין באַטויבטקייט. איין סעקונדע לאַנג גלאָצט ער מיט אַ פרעמדן בליק אַרויף אינדערהייך, פונוואַנען עס קוקט אויף אים אַראָפּ אַ בלייכער הימל מיט אַ פּאָר בלאָנדזשענדיקע שטערן. נאָר באַלד דערפילט ער פּלוצלינג אַ שרעקלעכן ווייטיק אין רעכטן פוס אַ ווייטיק, וואָס צווינגט אים כמעט אויסצושרייען בײַ דער ערשטער לייכטער באַוועגונג, וואָס ער וויל מאַכן. דאַן פאַרשטייט ער מיט־אַמאָל, וואָס עס איז אים געשעען. און ער פאַרשטייט אויך, אַז ער טאָר דאָ נישט בלייבן ליגן אונטער מאַרגאָטס פענצטער, ער טאָר בײַ קיינעם נישט בעטן קיין הילף, ער טאָר קיינעם נישט רופן, אָדער זיך הויך באַוועגן. פון זיין שטערן טריפט בלוט, ער האָט געמוזט אָנטרעפן אויף אַ שטיין אין גראָז, אָדער אַ שטיק האָלץ, ער ווישט עס אָפּ מיט דער האַנט, אַז עס זאָל אים נישט אַראָפּ־רינען איבער די אויגן. און דאַן, אויסבייגנדיק זיך אײַנגאַנצן אויף דער לינקער זייט און אַריינגראָבנדיק די נעגל טיף אין דער ערד, פרוווט ער פאַמעלעך צו קריכן פאָרויס. יעדעס מאָל, ווען דער איבערגעבראָכענער פוס רירט זיך אָן אָן עפּעס, אָדער טוט זיך בלויז אַ טרייסל, לויפט אים דורך אַ ווייטיק, אַז ער האָט מורא, ווידער אַריינצופאַלן אין חלשות. אָבער ער שאַרט זיך פאַמעלעך ווייטער, כמעט אַ האַלבע שעה דויערט עס, ביז ער דערשלעפּט זיך צו די טרעפּ, דאָרט דערפילט ער מיטאַמאָל, ווי זיין אָרעם ווערט שוואַך. אַ קאַלטער שווייס מישט זיך אויס אויף זיין שטערן מיט דעם קלעפּיקן, טריפנדיקן בלוט: דאָס לעצטע, דאָס ערגסטע האָט

ער נאָך איבערצוקומען — די שטיגן, אויף וועלכע ער שלייכט זיך ארויף גאַנץ פּאַמעלעך, אונטער די ווילדסטע יסורים. ציטערנדיק און שווער־אָטעמענדיק כאַפּט ער זיך ענדלעך אָן אויבן באַם אָנלען. נאָך עטלעכע טריט שלעפּט ער זיך צו צו דער טיר פון שפּיטאַל, פאַרנעמען ער הערט שטימען און זעט ליכט ברענען. ער דראַפּעט זיך אַרויף צום שלאָס־הענטל, און פּלוצלינג, ווי ס'וואָלט אים ווער אַ שליידער געטון, פאַלט ער אריין מיט דער זיך אויפּפראַלענדיקער טיר אינעם העל־באַלויכטענעם צימער.

שרעקלעך מוז זיין אויסזען זיין, בעת ער פאַלט אַזוי אַריין מיט דעם פאַרבלוטיקטן פּנים, אויסגעשמירט מיט ערד, און גלייך אַראָפּזינקענדיק אויפן באָדן, ווי אַ שטיק בליי, וואָרים די מענטשן שפּרינגען אויף ווילד, שטויסן רוקן זיך פונאַנדער אין אומאָרדנונג, אַלץ איילט אַהין, אים צו הילף. מען לייגט אים פאָרזיכטיק אויף דער סאָפע. ער איז נאָך קוים אימשטאַנד אַרויסצושטאַמלען עטלעכע ווערטער, אַז ער איז אַראָפּגעפאַלן פון די שטיגן, בעת ער האָט געוואָלט אַראָפּגיין אין פּאַרק אַריין, דאַן לאָזן זיך פּלוצלינג אַראָפּ פאַר זיינע אויגן שוואַרצע שלייפן, זיי ציטערן הין און הער און פאַרוויקלען זיך אַרום אים, אַז ער פאַרלירט דאָס באַוואוסטזיין און ווייסט נישט מער פון קיין זאַך.

אַ פערד ווערט געזאָטלט און עמעצער רייט נאָך אַ רופא. דער איבערגעשראָקענער שלאָס ווערט געשפּענסטערדיק אויפגעלעבט: אין די קאָרידאָרן ציטערן־אויף פלעמלעך, ווי מאַי־ווערעמלעך, פליסטערנדיקע שטימען פרעגן פון די טירן אַרויס, די דינער קומען אָן שרעקעוודיק און פאַרשלאָפן און ענדלעך טראָגט מען צרויף דעם פאַרחלשטן אין זיין צימער.

דער רופא קאָנסטאַטירט אַ ביין־ברוך און באַרויקט אַלעמען, אַז עס שטייט נישט פאַר קיין געפאַר, דער פאַראומגליקטער מוז נאָר אַ לאַנגע צייט בלייבן ליגן באַוועגונגסלאָז אין דער באַנדאַזשירונג. ווען מען זאָגט עס דעם יינגל, שמייכלט ער שוואַך. עס מאַכט נישט אויף אים קיין שווערן רושם. וואָרים עס איז אַנגענעם אַזוי צו ליגן, לאַנג אַליין, אָן ליאַרם און אָן מענטשן, אין אַ ליכטיקן הויכן צימער, אַרום וועלכן עס טראָגט זיך דאָס

שטילע גערויש פון די ביימער-שפּיצן, אויב מען וויל חלומען פון
אײנער, וועלכע מען ליבט. עס איז זיס אין רויקייט אַלדינג נאָכ-
אַמאָל איבערצוטראַכטן, אין לייכטע חלומות צו פאַרזינקען וועגן
דער אײנער; פריי צו זיין פון אַלע באַשעפטיקונגען און פליכטן,
אַרומגערינגלט בלויז מיט דידאָזיקע צאַרטע חלום-בילדער, וואָס
גענענען צום בעט, בעת מען פאַרמאַכט אויף אַ רגע די אויגן. די
ליבע פאַרמאָגט אפשר נישט קיין שענערע מינוטן, ווי דידאָזיקע
בלייכע, לייכט-געוועבטע חלומות.

דער ווייטיק איז נאָך גאַנץ שטאַרק אין די ערשטע טעג. ער
איז אָבער צונויפגעמישט מיט עפּעס אַ באַזונדערן תענוג. דער גע-
דאַנק, אַז ער האָט געליטן צוליב מאַרגאָט, צוליב דער געליבטער,
האָט דעם ייִנגל פאַרשאַפט אַ זייער ראָמאַנטיש, אַן אומגעהייער
זעלבסט-ווערט געפיל. ער וואָלט זייער צופרידן געווען צו האָבן אַ
וואונד, טראַכט ער זיך, אַ בלוט-רויטע וואונד איבערן פּנים, אַז ער
זאָל זי קענען טראָגן כּסדר און אָפן, ווי אַ ריטער די פאַרבן פון
זיין דאַמע; אָדער עס וואָלט זייער שיין געווען, ווען ער וואָלט
בכלל נישט געווען איבערגעשטאַנען, נאָר געבליבן ליגן אונטן אַ
צעשמעטערטער פאַר איר פענצטער. און שוין חלומט ער ווייטער,
ווי זי וואַכט אויף צומאָרגנס פון די קולות און געשרייען אונטער
איר פענצטער, ווי זי בייגט זיך נייגעריק אַראָפּ און דערזעט אים,
אים אַ צעשמעטערטן אונטער איר פענצטער, און צוליב איר גע-
שטאָרבן. און ער זעט, ווי זי פאַלט אַנידער מיט אַ געשריי; ער
הערט דעמדאָזיקן שאַרפן געשריי אָפּהילכן אין זיינע אויערן, ער
זעט דאַן איר פאַרצווייפלונג, איר צער, ער זעט זי דאָס גאַנצע
פאַרשטערטע לעבן-לאַנג אַרומגיין מרה-שחורהדיק און ערנסט אין
אַ שוואַרץ קלייד אָנגעטון, ער זעט דאָס שטילע ציטערן פון אירע
ליפּן, בעת די מענטשן טרייסטן זי וועגן איר צער.

אַזוי חלומט ער טעג לאַנג, צו ערשט בלויז אין האַלבן
דרימל, אָבער באַלד אויך מיט אָפענע אויגן, שוין [illegible] צו
דער אָנגענעמער פאַרשטעלונג פונעם ליבן בילד. קיין שום ליכ-
טיקייט אָדער טומל איז נישט בכּוח צו פאַריאָגן איר בילד, וואָס
שלייכט זיך דורך איבער די ווענט, ווי אַ העלער שאָטן; איר קול

הערט פאַר אים ניט אַנטשוויגן דורכן רוישיקן אַראָפּטריפן פון די ביימער, אָדער דורכן קנאַקן פוגם זאַמד אונטער דעם שאַרפן זונ־ליכט. שעהן־לאַנג רעדט ער אַזוי מיט מאַרגאָט, אָדער זעט זיך אין חלום מיט איר צוזאַמען אויף רייזעס, אויף וואונדערלעכע נסיעות. טײלמאָל אָבער וואַכט ער אומרויק אויף פון דידאָזיקע חלומות. וועט זי ווירקלעך טרויערן נאָך אים? וועט זי בכלל זיך דערמאָנען וועגן אים.

אמת: זי קומט טײלמאָל באַזוכן דעם קראַנקן. אָפּטמאָל, בעת ער רעדט מיט איר אין די געדאַנקען און אים ווייזט זיך אויס, אַז איר בילד שטייט אים פאַר די אויגן, עפנט זיך אויף די טיר און זי קומט אַריין, געוויקסיק און שיין, אָבער דאָך אַזוי אַנדערש, ווי יענע פון זיינע חלומות. וואָרים זי איז ניט אַזוי צוגעלאָזן און בייגט זיך אויך ניט אַראָפּ, כדי צו קושן אים אין שטערן, אַזוי ווי יענע מאַרגאָט פון די חלומות; זי זעצט זיך גאָר אַנידער בא דער זייט, פרעגט, וואָס ער מאַכט, אויב ער האָט נאָך שמערצן, און דערציילט אים אייניקע אינטערעסאַנטע זאַכן. ער איז תמיד אין איר קעגנוואַרט אַזוי זיס־דערשראָקן און צעטומלט, אַז ער וואַגט זי ניט אָנצוקוקן, א סך מאָל פאַרמאַכט ער די אויגן, כדי בע־סער צו הערן איר קול, טיפער איינצוזאַפּן אין זיך דעם קלאַנג פון אירע ווערטער, דידאָזיקע אייגנטימלעכע מוזיק, וואָס ציטערט דער־נאָך שעהן־לאַנג און שוועבט אַרום אים. ער רעדט צו איר מיט הפסקות, ווייל ער האָט זייער ליב דאָס שטילשווייגן, בעת ער האָרכט איר אָטעם און שפירט דאָס אַלייגזיין מיט איר אין חלל פון צימער, אין וועלט־חלל. און ווען זי שטייט אויף און לאָזט זיך צו דער טיר, בייגט ער זיך אויס מיט גרויס מי, ניט קוקנדיק אויפן ווייטיק, כדי גאָכאַמאָל אַרומצונעמען מיטן בליק אַלע ליניעס פון איר געשטאַלט, איידער זי פאַלט ווידער אַריין אין דער פאַר־נעפּלטער ווירקלעכקייט פון זיינע חלומות.

יעדן טאָג כמעט קומט מאַרגאָט אים באַזוכן. אָבער קומט דען ניט אויך קיטי און עליזאַבעט, די קליינע עליזאַבעט, וואָס קוקט אים תמיד אָן אַזוי דערשראָקן און פרעגט מיט א וויכער, פאַרזאָרגטער שטים, צי עס איז נאָך אַלץ ניט בעסער? קומט

דען נישט צו אים אַלע טאָג זיין שוועסטער און אויך די אַנדערע פרויען, באַציען זיי זיך דען נישט צו אים אַלע אַזוי האַרציק? בלייבן זיי דען נישט אויך אַזוי באַ אים און דערציילן אים אינ־טערעסאַנטע געשיכטן! זיי בלייבן זאָגאַר נאָך צו לאַנג, וואָרים זיי פאַריאָגן מיט זייער קעגנוואַרט זיינע אויסגעחלומטע פאַרלאַנ־גען, וועקן אויף זיינע חושים פון דער פאַרטראַכטער רויקייט און טרייבן זיי צו גלייכגילטיקע געשפּרעכן און נאַרישע פראַזן. ער וואָלט וועלן, ס'זאָל קיינער פון זיי נישט קומען און נאָר מאַרגאָט אַליין זאָל קומען, אויף איין שעה נאָר, אויף עטלעכע מינוטן בלויז, און דערנאָך זאָל ער ווידער בלייבן איינזאַם, כדי פון איר צו חלומען, אומגעשטערט, אומבאַלעסטיקט, לייכט און צופרידן, ווי אויף אַ גרינגן וואָלקן שוועבנדיק, אינגאַנצן איבערגעגעבן צו די פאַרכשופטע בילדער פון זיין ליבע.

און דעריבער טיילמאָל, בשעת ער הערט צולייגן אַ האַנט אויף דעם שלאָס־הענטל, פאַרשליסט ער די אויגן און מאַכט זיך שלאָפנדיק. דעמאָלט שלייכן זיך די באַזוכער אַרויס אויף די שפּיץ פינגער, ער הערט די טיר פאַמעלעך צומאַכן און ווייסט, אַז ער קאָן זיך אַצינד ווידער אַריינוואַרפן און זיך באָדן אין דעם וואַרעמען שטראָם פון זיינע חלומות און אַוועקטראָגן זיך מיט אים צו די פאַרכשופטע ווייטקייטן.

און איינמאָל געשעט מיט אים אַזוי: מאַרגאָט איז שוין גע־האַט באַ אים געווען, אַ קורצע צייט בלויז, אָבער זי האָט אים אין אירע האָר מיטגעבראַכט דעם גאָרטן־ריח, דעם הייסן אָטעם פון אויפגעבליטן זשאַסמין און אין אירע אויגן דאָס גליענדיקע פינק־לען פון דער אויגוסט־זון. אַצינד האָט ער געוואוסט, קאָן ער שוין נישט האָפן, זי זאָל היינט נאָכאַמאָל קומען. עס דערוואַרט אים דע־ריבער אַ לאַנגער, העלער נאָכמיטאָג, וואָס וועט פינקלען מיט זיסע חלומות, וואָרים קיינער וועט אים נישט שטערן: דען אַלע זענען אַוועקגעריטן. און ווי די טיר עפנט זיך פאָרזיכטיק, דריקט ער צו די אויגן און מאַכט זיך שלאָפן. אָבער די אַריינגעקומענע — ער הערט עס גאַנץ דייטלעך אין דעם מיט שטילשווייגן אָנגעפילטן צימער — גייט נישט צוריק אַרויס, נאָר פאַרמאַכט גאַנץ שטיל די

סיר, כדי אים נישט אויפצוּוועקן. און דאַן לאָזט זי זיך גיין צו אים מיט לייכטע, פאַרזיכטיקע טריט, קוים אָנרירנדיק דעם באָדן. ער הערט דאָס לייכטע רוישן פון קלייד, און דערנאָך, ווי זי זעצט זיך לעבן זיין געלעגער. און ער דערפילט דורך די פאַרמאַכטע אויגן איר פורפור-ברענענדיקן בליק, וואָס בלאָנדזשעט אַרום איבער זיין פנים.

זיין האַרץ הייבט אָן צו קלאַפּן אומרויִק. איז עס מאַרגאָט? זיכער. ער פילט עס, אָבער דאָך איז עס זיסער, ווילדער, אַ פאַר-באָרגענער רייצנדיקער תענוג, נישט אויפצועפענען אַצינד די אויגן און בלויז צו פילן זי אַזוי נאָענט לעבן זיך. וואָס וועט זי טון? די סעקונדן ווייזן זיך אים אויס אָן אַ שיעור לאַנג. זי קוקט אים נאָר כסדר אָן, האָרכט זיך איין צו זיין שלאָף און דאָס צוויקט עלעק-טריש זיין הויט, דאָסדאָזיקע אומאָנגענעמע און דאָך באַרוישנדיקע באַוואוסטזיין, צו ליגן בלינד, ווערלאָז אונטער אירע בליקן, צו וויסן, אַז ווען ער זאָל אַצינד אויפעפענען די אויגן, וואָלטן זיי דערזען מאַרגאָטס דערשראָקן פנים. אָבער ער רירט זיך נישט, ער פאַרשטיקט שטאַרקער דעם אָטעם, וואָס ווערט אומרויִק און ברויזנ-דיק אין דער צו-ענגער ברוסט, און וואַרט און וואַרט.

קיין זאַך געשעט נישט. אים דאַכט זיך בלויז, ווי זי וואָלט זיך טיפער איינגעבויגן צו אים, ווי ער וואָלט געפילט נעענטער צו זיין פנים דעם לייכטן דופט, דעמדאָזיקן פייכטן פלידער-דופט, וועלכן ער קאָן פון אירע ליפּן. און אַצינד — ווי אַ הייסע כוואַליע טוט אים אַ שטראָם דאָס בלוט איבערן גאַנצן קערפער — האָט זי אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין געלעגער און גלעט לייכט אי-בער דער דעקע זיין אָרעם מיט רויִקע, גאַנץ פאַרזיכטיקע באַרי-רונגען, וועלכע ער פילט מאַגנעטיש און נאָך וועלכע זיין בלוט פליסט ווילד נאָך. וואונדערבאַר איז דאָס געפיל פון דערדאָזיקער שטילער צערטלעכקייט, באַרוישנדיק און אויפברויזנדיק צוגלייך.

לאַנגזאַם, כמעט ריטמיש גלעט נאָך אַלץ איר האַנט איבער זיין אָרעם. דאַן פינטלט ער לייכט מיט די אויגן און וואַרפט אַ פאַרבאָרגענעם בליק דורך דער שמאָלער עפענונג פון די אויגן-הייטלעך. צוערשט זעט זיך בלויז אַ פאַרנעפּלטע פורפור-רויטקייט,

אַ וואָלקן פֿון ציטערנדיק ליכט, דערנאָך דערקענט ער די גע־שפּרענקלטע דעקע, וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער זיין קערפּער און ענדלעך, ווי פֿון גאַנץ ווייט, די גלעטנדיקע האַנט; גאַנץ, גאַנץ פֿאַרנעפּלט זעט ער זי, ווי אַ ווייסע, שמאָלע שיין, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ, ווי אַ העלער וואָלקן און ווערט צוריק פֿאַרשוואונדן. ער צעשפּרייט וואָס אַמאָל ברייטער דעם שפּאַלט צווישן די אויגן־הייטלעך. און אַצינד דערקענט ער זי דייטלעך; די פֿינגער, וואָס זעען אויס ווייס און גלאַנציק ווי פֿאַרצעלאַן, זעט ער לייכט אויס־געבויגענע גלעטנדיק זיך באַוועגן פֿאָרויס, און דערנאָך ווידער צו־ריק, ווי נאָכשלעפּנדיק, אָבער צו גלייכער צייט פֿול מיט אַן אי־נערלעכער לעבהאַפּטיקייט. זיי קריכן, ווי טאַפּנדיק פֿאָרויס און ציען זיך ווידער צוריק און אינם דאָזיקן אויגנבליק ווייזט זיך אויס די האַנט, ווי אַן אייגנטימלעך און באַלעבט ווען, ווי אַ קאַץ, וואָס טוליעט זיך צו צו אַ קלייד, ווי אַ קליינע, ווייסע קאַץ, וואָס שאַרט זיך צו עמעצן מיט אַ חניפהדיק ברומען און איינגעצויגענע נעגל, און ער וואונדערט זיך גאָרנישט, בעת ער דערזעט פֿלוצלונג פֿינקל־דיקע אויגן. און ווירקלעך: גלאַנצט נישט אינם דאָזיקן ווייסן גלעטנדיקן ווען אַ שימערנדיקער בליק? ניין: עס איז בלויז אַ גלאַנץ פֿון מעטאַל, אַ שימער פֿון גאָלד. נאָר באַלד, בעת די האַנט ציט גלעטנדיק ווידער פֿאַרביי, זעט ער אים דייטלעך, עס איז דער מעדאַליאָן, וואָס הענגט אַראָפּ פֿון דער אָרעם־באַנד, דער סודותפֿולער, פֿאַררעטערישער מעדאַליאָן, אַכטקאַנטיק און ווי אַ פּעני גרויס. מאַרגאָטס האַנט איז דאָס, וואָס צערטלט זיין אָרעם, און עס ברויזט אויף אין אים דער פֿאַרלאַנג, צוצודריקן די דאָזיקע ווייסע, נאַקעטע האַנט צו זיינע ליפּן און זי צו קושן. נאָר מיטאַ־מאָל דערפֿילט ער איר אָטעם־הויך, ער דערשפּירט מאַרגאָטס פּנים גאָר נאָענט צו זיינעם און ער איז שוין מער נישט אימשטאַנד די אויגן־הייטלעך צוצופּרעסן. און באַגליקט, שטראַלנדיק עפֿנט ער אויף די אויגן צו דעם נאָענטן געזיכט, וואָס שפּרינגט אויף דער־שראָקן און ציט זיך צוריק.

און אַצינד, בעת די שאָטנס פֿונם אַראָפּגעבויגענעם פּנים שפּרינ־גען אָפּ און די ליכט־שיין צעגיסט זיך איבער די צעשראָקענע

שטריכן, דערקענט ער — און אַ קעלט לויפט דורך זיינע גלי־דער — עליזאַבעט, מאַרגאָטס שוועסטער, די יינגע, מאָדנע עליזאַ־בעט. איז דאָס געווען אַ חלום? ניין, ער קוקט אויף דעם מיט פּלוצלינגער רויטקייט באַגאָסענעם פּנים, וואָס קערט שרעקעוודיק אָפּ די אויגן: עס איז עליזאַבעט. מיטאַמאָל דערפילט ער דעם מוראדיקן טעות, זיין בליק זוכט גיריק איר האַנט, און ווירקלעך, דער מעדאַליאָן איז אויף איר.

פאַר זיינע אויגן הייבן אָן שווינדלדיק צו שוועבן שלייערס, ער פילט זיך ווי דערמאָלט, בעת ער איז אין חלשות געפאַלן, נאָר ער דריקט צוזאַמען די ציין, ער וויל נישט פאַרלירן די געדאַנ־קען. בליץ־שנעל לויפט אַלדינג דורך זיינע געדאַנקען, איינגעפּרעסט אין דער איינע סעקונדע, די דערשטוינונג, מאַרגאָטס שטאָלצקייט, עליזאַבעטס שמייכלען, איר מאָדנער בליק, וואָס ווירקט אויף אים, ווי אַ באַרירונג פון אַ פאַרבאָרגענער האַנט — ניין, ניין, דאָ איז קיין טעות נישט געווען מעגלעך.

אָן איינציקע לייכטע האָפנונג בליצט אויף אין אים. ער קוקט פאַרגליווערט אויף דעם מעדאַליאָן, אפשר האָט אים מאַרגאָט איר געשענקט, היינט אָדער נעכטן, אָדער דערמאָלט.

אָבער עליזאַבעט רעדט שוין צו אים. דאָס אָנגעשטרענגטע נאָכדענקען האָט געמוזט רינצלען זיינע געזיכטס־ציגן, וואָרום זי פרעגט אים מיט שרעק: „טוט דיר וויי, באָב?"

ווי ענלעך עס זענען זייערע שטימען, טראַכט ער. און ער ענטפערט איר געדאַנקענלאָז. „יאָ, יאָ... דאָס הייסט, ניין... איך פיל מיך גאַנץ גוט!"

עס ווערט ווידער שטיל. ווי אַ הייסער שטראָם לויפט ווידער דורך דער געדאַנק: אפשר האָט אים מאַרגאָט איר געשענקט. ער ווייסט, אַז דאָס קאָן נישט זיין אמת, אָבער ער מוז זי פרעגן.

„וואָס פאַר אַ מעדאַליאָן האָסטו דאָ?"

„אָך, עפּעס אַ מטבע פון אַן אַמעריקאַנישער רעפּובליק, איך ווייס אפילו נישט פון וועלכער. דער אָנקל ראָבערט האָט זי אונז איינמאָל געבראַכט".

„אונז ?"

ער האַלט איין דעם אָטעם. אַצינד מוז ער עס זאָגן.

„מאַרגאָטן און מיר. קיטי האָט אים נישט געוואָלט. איך ווייס נישט פאַרוואָס".

ער פילט, ווי זיינע אויגן ווערן פייכט. פאָרזיכטיק קערט ער אָפּ דעם קאָפּ אָן אַ זייט, אַז עליזאַבעט זאָל נישט זעען די טרער, וואָס מוז שוין גאָר גאָענץ זיין פון אויג־הייטל, זי לאָזט זיך שוין נישט פאַרהאַלטן און קייקלט זיך אַצינד גאַנץ, גאַנץ פּאַמעלעך אי־בער דער באַק. ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט מורא פאַר זיין קול, אַז עס קאָן זיך בייגן אונטער דעם וואַקסנדיקן דרוק פונם שלוכצן. זיי שווייגן ביידע, מיט שרעקנדיקע בליקן נאָכפאָרשנדיק איינער דעם אַנדערן. דערנאָך שטייט עליזאַבעט אויף. „איך גיי שוין, באָב, זיי געזונט". ער פאַרמאַכט די אויגן, און דאַן הערט ער ווי די טיר ווערט שטיל צוגעמאַכט.

ווי אַ מחנה איבערגעשראָקענע טויבן פלאַטערן אַצינד באַ אים די געדאַנקען. איצט באַגרייפט ער דאָס משונהדיקייט פונם מיספאַרשטענדניש, עס באַפאַלט אים בושה און פאַרדראָס איבער זיין אומזיניקייט און גלייכצייטיק איך אַ ווילדער ווייטיק. ער ווייסט אַצינד, אַז מאַרגאָט איז פאַר אים שוין אויף שטענדיק פאַר־לוירן, אָבער ער שפּירט, אַז ער ליבט זי נישט ווייניקער ווי פריער, אַצינד אפשר נאָך מיט יענער פאַרצווייפלטער בענקשאַפט נאָך דעם אומדערגרייכבאַרן. און עליזאַבעט — ווי מיט צאָרן שטויסט ער אָפּ פון זיך איר בילד, וואָרים די גאַנצע איבערגעגעבנקייט און דאָס איצט נאָך פאַרשטיקטע פייער פון איר ליידנשאַפט האָט באַ אים נישט אפילו אַזוי פיל חשיבות, ווי מאַרגאָטס אַ שמייכל, אָדער די לייכטסטע באַרירונג פון איר האַנט. וואָלט זיך דעמאָלט עליזאַבעט פאַר אים געוויזן, וואָלט ער זי ליב געקריגן, וואָרים אין יענע שעהן איז ער נאָך געווען קינדיש אין זיין ליידנשאַפט, אָבער אַצינד האָט דער נאָמען מאַרגאָט שוין צו טיף זיך אַריינגע־שניטן אין זיינע חלומות, אַז ער זאָל אים נאָך קענען אַרויסרייסן פון זיין לעבן.

ער פילט, ווי עס ווערט אים וואָס אַמאָל טונקעלער פאַר

די אויגן און דאָס אומאויפהערלעכע טראַכטן ווערט ביסלעכווייז פאַרשוואומען אין טרערן. אומזיסט באַמיט ער זיך. אַזוי ווי אין די אַלע טעג פון זיין קראַנקהייט, אין די לאַנגע איינזאַמע שעהן, אויסמאָלן זיך פאַר די אויגן מאַרגאָטס בילד: ווי אַ שאָטן באַוועגט זיך דערציי באַלד עליזאַבעט מיט אירע טיפע בענקענדיקע אויגן, און דאַן מישט זיך אַלדינג צוזאַמען און ער מוז ווידער אָנגעשטרענגט נאָכטראַכטן, ווי אַזוי דאָס אַלץ איז געשען. און עס נעמט אים אַרום אַ בושה, בעת ער דערמאָנט זיך, ווי ער איז געשטאַנען פאַר מאַרגאָטס פענצטער און איר נאָמען אויסגערופן, און באַלד ווידער אַ מיטלייד מיט דער שטילער, בלאָנדער עליזאַבעט, פאַר וועלכער ער האָט קיינמאָל נישט פאַרמאָגט קיין וואָרט, קיין איינציקן בליק אין די אַלע טעג, בעת זיין דאַנקבאַרקייט האָט אייגנטלעך געדאַרפט אויפפלאַמען, ווי אַ פייער.

דעם אַנדערן טאָג אינדערפרי קומט מאַרגאָט צו אים און דערנענטערט זיך אויף אַן אויגנבליק צו זיין געלעגער. עס שוידערט אים פון איר נאָענטקייט און ער וואַגט נישט איר צו קוקן אין די אויגן. וואָס רעדט זי צו אים? ער הערט עס קוים, דאָס ווילדע געברויז אין זיינע שלייפן איז העכער פאַר איר קול. ערשט דאַן, ווען זי גייט אַוועק פון אים, נעמט ער ווידער אַרום מיט דעם לעכצנדיקן בליק איר גאַנץ געשטאַלט. ער פילט: קיינמאָל האָט ער זי נישט אַזוי געליבט.

נאָכמיטאָג קומט עליזאַבעט. אַ לייכטע צוגעלאָזנקייט פילט זיך אין אירע הענט, וועלכע גלעטן טיילמאָל די זייניקע; איר קול איז זייער שטיל און איז מיט אַ לייכטן טרויער פאַרצויגן. זי רעדט מיט אַ געוויסע שרעק וועגן גלייכגילטיקע זאַכן, גלייך זי זאָל מורא האָבן, אַז מען וועט באַלד דערקענען איר צעטראָגנקייט, אויב זי זאָל רעדן וועגן זיך, אָדער וועגן אים. ער ווייסט נישט קלאָר, וואָס פאַר אַ געפיל ער עמפינדט פאַר איר. טיילמאָל שפירט ער אין זיך, ווי מיטלייד, טיילמאָל ווי דאַנקבאַרקייט פאַר איר ליבע, אָבער ער קאָן איר גאָרנישט זאָגן. ער וואַגט קוים זי אָנצוקוקן אויס מורא, אַז זי וועט פאַלש אויסטייטשן זיין בליק.

יעדן טאָג קומט זי איצט און פאַרבלייבט באַ אים אַ לענגע-

רע צייט. עס שיינט, גלייך ווי פון דעמאָלט אָן, זינט דער טויט־
אויישן זיי איז אַנטפּלעקט געוואָרן, איז אויך די אומזיכערקייט פאַר־
שוואונדן. אָבער דאָך וואָגן זיי קיינמאָל נישט צו רעדן דערפון,
פון יענע שעהן אין פינצטערן גאָרטן.

איינמאָל זיצט עליזאַבעט ווידער אויף זיין לענשטול. אינ־
דרויסן שיינט העל די זון, אַ גרינער רעפלעקס פון די באַוועגטע
ביימער־שפּיצן ציטערט אויף די ווענט. אירע האָר ווייזן זיך אויס
אין אַזעלכע אויגנבליקן פייערדיק, ווי ברענענדיקע וואָלקנס, איר
הויט בלאַס און דורכזיכטיק, איר גאַנץ וועזן שיינענדיק און עפּעס
ווי לייכט שוועבנדיק. פון זיין קישן אַרויס, אויף וועלכן עס ליגט
אַ שאָטן, זעט ער איר שמייכלענדיק פּנים גאַנץ נאָענט און דאָך
ווייזט זיך עס אים אויס אַזוי ווייט, וואָרים עס איז באַשטראַלט מיט
דעם ליכט, וואָס קען שוין צו אים נישט דערגרייכן. באַם דאָזיקן
אַנבליק פאַרגעסט ער אַלץ, וואָס ס'איז געשען. און ווי זי בייגט
זיך אָן צו אים, אַזוי אַז אירע אויגן זעען אויס, ווי זיי וואָלטן
טיפער געוואָרן און ווי שוואַרצע ספּיראַלן אָפּגעשפּרונגען אינעווייי־
ניק אַריין, ווי זי בייגט זיך אויס אים אַנטקעגן, כאַפּט זיין אָרעם
אַרום איר לייב, ציט־צו איר קאָפּ נאָענט צו זיך און ער קושט זי
אויף דעם קליינעם פייכטן מויל. זי ציטערט שטאַרק, ווערט זיך
אָבער נישט, נאָר גלעט אים מיט אַ לייכטן טרויער איבער די האָר
און זאָגט דאָן שוואַר־אָטעמענדיק, מיט אַ צערטלעכער טרויעריקייט
אין קול: „דו ליבסט דאָך אָבער נאָר מאַרגאָט."

ביז צו זיין האַרץ פילט ער אַריינדרינגען דעם דאָזיקן טאָן,
וואָס איז פול מיט איבערגעגעבנקייט און שטילער, ווידערשטאַנד־
לאָזער פאַרצווייפלונג, ביז אין זיין נשמה דרינגט אַריין דער דאָזי־
קער נאָמען און דערשיטערט אים, אָבער ער וואָגט נישט ליגנט
צו זאָגן אין דערדאָזיקער מינוט. ער שווייגט.

זי קושט אים נאָכאַמאָל אין די ליפּן גאַנץ לייכט, כמעט
שוועסטערלעך, דערנאָך גייט זי שווייגנדיק אַרויס.

דאָס איז דאָס איינציקע מאָל, וואָס זיי רעדן דערפון. אין אַ
פּאָר טעג אַרום פירט מען שוין דעם געגעזונטעם אַרויס אין גאָרטן,
וואו די ערשטע בלייך-געלע בלעטער וואַלגערן זיך איבערן וועג.

און די פריצייטיקע אָוונט-טונקלקייט דערמאַנט שוין אָן דער מעלאַנכאָליע פון הערבסט. און ווידער אַ פּאָר טעג, און ער גייט שוין מיט אָנשטרענגונג אַליין און צום לעצטן מאָל אינם דאָזיקן יאָר אונטער דער בונטער באַצירונג פון די ביימער, וועלכע רעדן אַצינד שוואַכער און אומצופרידענער אינם טרייסלענדיקן ווינט, ווי דאַמאָלס אין יענע דריי לינדע זומער-נעכט. אומעטיק גייט דאָס ייִנגל אַהין צו יענעם אָרט. ער האָט דאָס געפיל, גלייך ס'וואָלט דאָרט געשטאַנען אַן אומגעזעענע טונקעלע מויער, הינטער וועלכער עס ליגט זיין קינדהייט, שוין גאַנץ פאַרנעפּלט און מטושטש און פאַר אים איז אויסגעשפּרייט אַן אַנדער לאַנד, אַ פרעמדס און פול מיט געפאַרן.

אין אָוונט האָט ער גענומען אָפּשייד. ער האָט נאָכאַמאָל טיף אַריינגעבליקט אין מאַרגאָטס פנים, ווי ער וואָלט עס וועלן איינזייגן אין זיך אויפן גאַנצן לעבן; אומרויִק האָט ער צוגערירט זיין האַנט צו עליזאַבעטס, וועלכע האָט זיינע וואַרעם און פעסט אַרומגענומען, אויף קיטי, אויף די פריינט און אויף זיין שוועסטער האָט ער בלויז געוואָרפן אַ לייכטן, כמעט אומבאַמערקטן בליק, אַזוי פול איז געווען זיין נשמה מיט דעם געפיל, אַז איינע האָט ער ליב און די אַנדערע האָט אים ליב. ער איז געווען זייער בלאַס און אויף זיין פנים האָט זיך אויסגעשניטן עפּעס אַ שאַרפער שטריך, וועלכער האָט צוגענומען בײַ אים דאָס קינדישע אויסזען. צום ערשטן מאָל האָט ער אַצינד אויסגעזען, ווי אַ מאַן.

און דאָך, ווען די פערד האָבן גערירט פון אָרט און ער האָט געזען, ווי מאַרגאָט קערט זיך גלייכגילטיק צוריק און לאָזט זיך גיין אַרויף איבער די טרעפּ, און ווי איבער עליזאַבעטס פנים לויפט פלוצלינג דורך אַ פייכטער גלאַנץ און זי האַלט זיך צו באַם אָנזען, דאַן האָט אים מיטאַמאָל דאָס נייע געפיל אַזוי באַהערשט אינגאַנצן, אַז ער האָט זיך העפטיק צעוויינט, ווי אַ קינד.

די ליכט-פלעמלעך פון שלאָס זענען געוואָרן וואָס אַמאָל ווייטער, דער טונקעלער גאָרטן האָט צווישן די, דורכן וואָגן אויפגעהויבענע וואָלקנס שטויב, אויסגעזען וואָס אַמאָל קלענער, דאָס פאַרשאַפט האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן פון אויג, און ענדלעך

איז דאָס אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, פֿאַרלוירן געגאַנגען פֿון זיין בליק און זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ הוילער דעריגערונג. נאָך צוויי שעה פֿאָרן האָט ער זיך געפֿונען בײַ דער נאָענטסטער באַן-סטאַציע און אויפֿן אַנדערן טאָג איבערדערפֿרי איז ער געווען אין לאָנדאָן.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום, און ער איז שוין נישט געווען מער קיין קינד. אָבער יענע ערשטע איבערלעבונג איז אין אים צו העפֿטיק אַנטשטאַנען, אַז זי זאָל קענען אַמאָל פֿאַרווישט ווערן פֿון זיין זכרון. מאַרגאָט און עליזאַבעט האָבן שוין חתונה געהאַט, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט מיט זיי מער באַגעגענען, וואָרים די דעריגערונגען אין יענע שעהן באַפֿאַלן אים טיילמאָל מיט אַזאַ ווילדער קראַפֿט, אַז זיין גאַנץ שפּעטערדיק לעבן ווייזט זיך אים אויס בלויז ווי אַ חלום אַנטקייגן יענער ווירקלעכקייט פֿון דערדאָזיקער דערינגערונג. ער איז געוואָרן איינער פֿון יענע מענטשן, וואָס קאָנען שוין נישט געפֿינען קיין פֿאַרהעלטניש צו ליבע און צו פֿרויען; וואָרים אים, בײַ וועלכן די ביידע עמפּינדונגען, די פֿון ליבן און פֿון געליבט זיין זענען אין אַ געוויסער סעקונדע פֿון זיין לעבן אַזוי ענג פֿאַרייניקט געוואָרן, האָט שוין נישט געצויגן מער קיין פֿאַרלאַנג צו זוכן דאָס, וואָס איז אים שוין איינמאָל געהאַט אַריינגעפֿאַלן אין זיינע ציטערנדיקע ייִנגל-הענט. ער האָט אַ סך לענדער דורכגערייזט, איינער פֿון יענע קאָרעקטע שטילע ענגלענדער, וועלכע אַ סך האַלטן פֿאַר געפֿיללאָז, ווייל זיי זענען זייער שווייגעדיק און ווייל זייער בליק בלייבט קאַלט בײַם אָנבליק פֿון פֿרויען. וואָרים ווער ווייסט דען, אַז די בילדער, אויף וועלכע ס'איז תמיד זייער בליק געווענדט, טראָגן זיי אינעווייניק אין זיך, און זייער בלוט פֿאַרפֿלאָכטן; ווער ווייסט דען, אַז אַרום זיי גליט תמיד אַ פֿלאַם, אַזוי ווי אַן אייביק ליכט פֿאַר דעם בילד פֿון דער הייליקער מוטער?

און איצט ווייס איך שוין, ווי אַזוי דידאָזיקע געשיכטע איז צו מיר געקומען. אין דעם בוך, אין וועלכן איך האָב היינט נאָכמיטאָג געלייענט, איז אַ קאַרטע געלעגן, אַ קאַרטע, וואָס אַ פֿריינט פֿון קאַנאַדע האָט מיר געשריבן. עס איז אַ ייִנגער ענגלענדער,

מיט וועלכן איך האָב מיך אַמאָל באַקאַנט אויף אַ רייזע, און מיט וועלכן איך פלעג אַפטמאָל שמועסן אין די לאַנגע אָוונטן. אין זיינע רייד פלעגט טיילמאָל געהיימנישפול, ווי אַ ווייטע סטאַטוע, אויפשיינען אַ דעריננערונג וועגן צוויי פרויען, וועלכע זענען אויף אייביק באַהעפט געוואָרן מיט אַן אויגנבליק פון זיין יוגנט. עס איז שוין לאַנג, גאָר לאַנג, זינט איך האָב מיט אים געשמועסט און איך האָב שוין אַפילו די דעמאָלטיקע שמועסן פאַרגעסן. נאָר היינט, ווען איך האָב די קאַרטע דערהאַלטן, האָבן זיי ווידער אויפגע-טויכט אין מיין זכרון, מיט אַלערליי אייגענע איבערלעבענישן טרוימעריש צוזאַמענגעמישט. און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך איך וואָלט זיין געשיכטע געלייענט אין יענעם בוך, וואָס האָט זיך מיר אַרויסגעגליטשט פון די הענט, אָדער גלייך איך זאָל זי האָבן געזען אין חלום. —

אָבער ווי טונקל ס'איז געוואָרן אין צימער, און ווי ווייט ביסטו מיר איצט אינם דאָזיקן טיפן בין-השמשות! איך זע בלויז אַ צאַרטן העלן שימער דאָרט, וואו ס'געפינט זיך, ווי איך רעכן, דיין פּנים, און איך ווייס נישט, צי דו שמייכלסט, אָדער זעסט טרויעריק אויס. צי דו שמייכלסט, ווייל איך מאָל מיר אויס מאָדנע געשעענישן פון מענטשן, וועלכע איך האָב בלויז פאַרביילויפיק געקענט, איך חלום אויס גאַנצע שיקזאַלן און לאָז זיי רויק זיך אַריינפלעכטן אין זייער לעבן און אין זייער וועלט? אָדער ביסטו טרויעריק איבער דעם יינגל, וואָס האָט פאַרבייגייענדיק אויף דער ליבע אָנגעטראָפן און איז אין איין שעה אויף אייביק פאַרשטויסן געוואָרן אויס דעם גאָרטן פונם דאָזיקן זיסן חלום? זע, איך האָב נישט געוואָלט, אַז דידאָזיקע געשיכטע זאָל זיין אומעטיק און טריב, איך האָב דיר נאָר געוואָלט דערציילן וועגן אַ יינגל, וועלכן ס'איז פּלוצלינג באַפאַלן די ליבע, די אייגענע און די פון אַן אַנדערער. אָבער די אַלע געשיכטן, וואָס מען דערציילט אין [illegible], פאַרבלאָנדזשען תמיד אויף דעם שטילן שטעג פון אומעט. דער בין-השמשות הילט זיי איין אין זיין שלייער, דער גאַנצער טרויער, מיט וועלכן ס'איז דורכגעזאַפּט דער אָוונט, פאַרשפּרייט זיך איבער זיי ווי אַ שטערנלאָזער הימל, די טונקלקייט טריפט אַריין

אין זייער בלוט, און אַלע העלע און בונטע ווערטער, וואָס זיי פאַרמאָגן, באַקומען דעמאָלט אַזאַ פולן און שווערן קלאַנג, גלייך זיי וואָלטן געקומען אויס די טיפעניש פון אונזער אייגן לעבן.

# דער פאַרטנער.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַרויסגעלאָזט אַ הייזעריק געשריי: דער צוג איז אָנגעקומען אין זעמערינג. די שוואַרצע וואַגאָנען, באַשטראַלט מיט דעם זילבער־ליכט פון דער הייך, זענען שטיין געבליבן אויף אַ מינוט, האָבן אַרויסגעוואָרפן פון זיך אייניקע פאַרשידנאַרטיקע מענטשן, אַריינגעשלונגען אַ פאָר אַנדערע, דאָ און דאָרט האָבן זיך געלאָזט הערן נערוועזע, פאַרדראָסיקע שטימען, דאַן האָט די הייזעריקע מאַשין פאָרנט ווידער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און אַ ריס געטאָן מיט רעש די שוואַרצע קייט וואַגאָנען אַראָפּ אין דער הייל אַריין פון טונעל. און ווידער איז דאָס אויסגעשפּרייטע לאַנדשאַפט געבליבן אָפּגעליידיקט, מיט קלאָרע, פון נאַסן ווינט ריינגעוואַשענע הינטערגרונטן.

איינער פון די אָנגעקומענע, אַ יונגער מענטש, וועלכער האָט געמאַכט אַ סימפּאַטישן איינדרוק און געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט דורך זיין עלעגאַנטער קליידונג און דער נישט געקינסטלטער עלאַסטישקייט פון זיין גאַנג, האָט גענומען שנעל, פריער פאַר די איבעריקע, אַ קאַרעטע צום האָטעל. אָן איילעניש, מיט שווערע טריט, האָבן די פערד זיך אַוועקגעלאָזט אויף דעם וועג באַרג־אַרויף. אין דער לופט האָט זיך געפילט דער אָטעם פון פרי־

ליגג, אויפן הימל האָבן אַרומגעשוועבט יענע ווייסע, אומרויקע וואָלקנס, וועלכע ס׳פאַרמאָגט בלויז דער מאַי און דער יוני, יענע ווייסע, נאָך יונגע און לייכט־שוועבנדיקע שטיפערס, וואָס לויפן שפּילנדיק איבער דעם בלויען וועג, כדי זיך פּלוצלינג הינטער די הויכע בערג צו באַהאַלטן, זיי נעמען זיך אַרום און אַנטלויפן באַלד, דאָ קנוילן זיי זיך צוזאַמען, ווי די טאַשנטיכער און באַלד ווידער ציען זיי זיך אויס אין לאַנגע פּאַסן און ענדלעך זעצן זיי שטיפעריש אַרויף די בערג ווייסע מיצן אויף די קעפּ. אַן אומרויקייט איז אויך געווען אין ווינט, וועלכער האָט די דאַרע, פון רעגן נאָך פייכטע ביימער אַזוי ווילד געטרייסלט, אַז זיי האָבן אין די געלענקען שטיל געקרעכצט און געשפּריצט מיט טויזנטער טראָפּנס ווי פינקען. טיילמאָל האָט זיך אויך אויסגעוויזן, ווי ס׳וואָלט אַריבערגעקומען אַהער אַ קילער שניי־דופט פון די בערג. דאַן האָט מען אין אָטעם געשפּירט עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז געווען זיס און שאַרף צו גלייכער צייט. אַלץ אין דער לופט און אויף דער ערד איז געווען באַוועגונג און שטיל־ברויזנדיקער אומגעדולד. שטיל שנאָרכנדיק זענען די פערד געלאָפן איבערן וועג, וואָס האָט זיך אַצינד געלאָזט באַרג אַראָפּ, די גלעקלעך האָבן אָפּגעהילכט ווייט פאָרויס.

אָנגעקומען אין האָטעל, איז די ערשטע עובדה פונם יונגענמאַן געווען צו גיין צו דער ליסטע פון די אָנוועזנדיקע געסט, וועמענס נעמען ער האָט — מיט אַ באַלדיקער אַנטוישונג — דורכגעבליקט. „צי וואָס בין איך אייגנטלעך געקומען", איז אַנטשטאַנען אין אים איבערלעך אַן אומרויקע פראַגע. „אַליין צו זיין דאָ אויפן באַרג, אָן געזעלשאַפט, איז ערגער ווי אין ביוראָ. איך בין וואַרשיינלעך צו פרי געקומען, אָדער צו שפּעט. איך האָב קיינמאָל נישט קיין הצלחה מיט מיין אורלויב. קיין איינציקן באַקאַנטן נאָמען געפין איך דאָ נישט צווישן די דאָזיקע פּערזאָנען. ווען ס׳זאָלן זיך דאָ ווייניקסטנס געפינען עטלעכע פרויען, עפּעס אַ קליינער, אין אויסערסטן פאַל זאָגאַר אומשולדיקער פלירט, כדי די דאָזיקע וואָך לכל הפחות נישט צו פאַרברענגען אַזוי לאַנגווייליק." דער יונגערמאַן, אַ באַראָן פון נישט קיין זייער אָנגעזעענעם

עסטרייכישן באַאַמטן-אַדל, אַן אַנגעשטעלטער אין דער שטאָטהאַלטערשאַפט, האָט דעמדאָזיקן קלייגעם אורלויב גענומען אָן אַ שום באַדערפעניש, אייגנטלעך בלויז דערפאַר, ווייל אַלע זיינע קאָלעגן האָבן אויסגעפועלט פאַר זיך אַן איינוואָכיקן אורלויב אין פרילינג, און ער האָט זיין אורלויב-וואָך נישט געוואָלט שענקען. ער איז געווען, הגם נישט אָן אינערלעכער באַגאַבונג, אַ דורכויס געזעלשאַפטלעכע נאַטור, אַלס אַזעלכער באַליבט, זייער גערן אויפגענומען אין אַלע קרייזן און ער האָט קלאָר געוואוסט וועגן זיין אומפעיקייט צו איינזאַמקייט. ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין שום נייגונג, אַוועקצושטעלן זיך פנים אל פנים מיט זיך אַליין, און ער האָט אויסגעמיטן ווי ווייט מעגלעך דידאָזיקע באַגעגענישן, ווייל ער האָט בכלל נישט געוואָלט מאַכן קיין אינטימע באַקאַנטשאַפט מיט זיך אַליין. ער האָט געוואוסט, אַז כדי צו לאָזן אויפפלאַמען אַלע זיינע באַגאַבונגען, די וואַרעמקייט און לעבנסלוסטיקייט פון זיין האַרץ, מוז ער אָנקומען צו מענטשן, ווי צו אַ דערהיצונגס-אָרט, ער אַליין אָבער ליגט קאַלט און אומנוצלעך פאַר זיך, ווי אַ שוועבעלע אין שאַכטל.

אַ טרויעריקער איז ער אַרומגעגאַנגען אויף און אָפּ אין דעם ליידיקן זאַל, אַמאָל דורכבלעטערנדיק אומאַנטשלאָסן די צייטונגען, באַלד ווידער אויסקלאַפנדיק באַם קלאַוויר אַ וואַלצער, באַ וועלכן אָבער ער האָט מיט די פינגער נישט געקענט כאַפּן דעם ריכטיקן ריטם. ענדלעך האָט ער זיך מיט פאַרדראָס אַנידערגעזעצט און אַרויסגעקוקט אינדרויסן, ווי ס'לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ די טונקלקייט און דער נעפל רייסט זיך אַרויס פון די סאָסנעס, ווי אַ גרויער דאַמף. אַ גאַנצע שעה האָט ער אַזוי געפטערט, נוצלאָז און נערוועז, דערנאָך איז ער אַוועק אין שפּייז-זאַל.

דאָרט זענען געווען באַזעצט בלויז עטלעכע טישן, וועלכע ער איז דורכגעלאָפן מיט אַן אייליקן בליק. אָבער אומזיסט! קיין שום באַקאַנטע, נאָר דאָרט — ער האָט לייכט אַ נייג געטון מיטן קאָפּ — דאָרט ווידער אַ באַקאַנט פנים פון דער רינגשטראַסע, מער נישט. קיין פרוי, קיין זאַך, וואָס זאָל געבן האָפנונגען אַפילו אויף אַ קורצדויערנדיקער אַוואַנטורע. זיין אומצו-

פרײדנקײט איז אױסגעװאַקסן ביז צו אומגעדולד. ער איז געװען אײנער פון יענע ייִנגע מענטשן, װאָס זײער שײן פּנים האָט שױן געהאַט אַ סך דערפאָלג און שטענדיק זענען זײ גרײט צו אַ נײער באַגעגעניש, צו אַ נײער איבערלעבונג. תּמיד זענען זײ אין אַ געשפּאַנטקײט, גרײט זיך אַרײנצוװאַרפן אין דעם אומבאַקאַנטן פון אַן אַװאַנטורע, עס איבעראַשט זײ קײן זאַך נישט, װאָרים זײ האָבן נאָכלױערנדיק אַלץ באַרעכנט פאָרױס, עס גײט נישט פאַרלױרן פאַר זײער בליק קײן שום עראָטיש, װײל שױן דער ערשטער בליק זײערער דרינגט פאָרשנדיק אַרײן אין דעם זינלעכן פון יעדער פרױ, אָן אונטערשיד, צי עס איז דאָס װײב פון זײער פרײנט, אָדער דאָס שטוב-מײדל, װאָס עפנט פאַר זײ די טיר. װען מ׳רופט אַזעלכע מענטשן פרױען-יעגער, באַמערקט מען גאָר אַלײן נישט, װיפיל אמת עס ליגט אין דעמדאָזיקן װאָרט. װאָרים פאַקטיש, אַלע לײדנשאַפטלעכע אינסטינקטן פון געיעג, דאָס נאָכשפּירן, די צערײצטקײט און די אינערלעכע גרױזאַמקײט פלאַקערן אױף אין אומאױפהערלעכער עמפּפינדלעכקײט פון אַזעלכע מענטשן. זײ זענען שטענדיק אױף דער װאַך, תּמיד גרײט און אַנטשלאָסן, אױף די שפּורן פון אַן אַװאַנטורע ביזן אָפּגרונט נאָכצוגײן. זײ זענען שטענדיק אָנגעלאָדן מיט לײדנשאַפט, אָבער נישט מיט דער לײדנשאַפט פון אַ ליבנדן, נאָר מיט דער לײדנשאַפט פון אַ שפּילער, מיט דער קאַלטער, אױסגערעכנטער און געפערלעכער לײדנשאַפט. עס געפינען זיך צװישן זײ פאַרעקשנטע, װאָס דאָס גאַנצע לעבן זײערס, זאָגאַר שױן װײט נאָך דער יוגנט, װערט דורך דערדאָזיקער דערװאַרטונג פאַרװאַנדלט אין אַן אײביקער אַװאַנטורע. יעדער אײנצלנער טאָג װערט בײ זײ צעטײלט אױף הונדערטער קלײנע, זינלעכע איבערלעבענישן — אַ פאַרבײגײענדיק געװאָרפענער בליק, אַ קױם באַמערקבאַרער שמײכל, אַ לײכטע באַרירונג אָן אַ קני בײם זיצן קעגנאיבער — און דאָס יאָר װידער אױף הונדערטער אַזעלכע טעג, װאָס די זינלעכע איבערלעבונג איז פאַר זײ אַן אײביק פליסנדיקער, שפּײזנדיקער און אױפמונטערנדיקער קװאַל פון לעבן.

דאָ האָבן זיך אָבער נישט געפונען קײן פּאַרטנערן צום שפּיל, דאָס האָט דער זוכנדיקער גלײך אײנגעזען. און עס איז נישטאָ קײן

גרעסערער פאַרדראָס, ווי דער פון אַ שפּילער, וועלכער זיצט בײַם גריגעם טיש מיט די קאָרטן אין דער האַנט, פול מיט דעם באַוואוסטזיין פון זיין איבערגעוויכט איבער אַנדערע, און וואַרט אומזיסט אויף אַ פּאַרטנער. דער באַראָן האָט געהייסן זיך דערלאַנגען אַ צייטונג. אָן אומצופרידענער איז ער דורכגעלאָפן מיטן בליק די שורות, אָבער זיינע געדאַנקען זענען געווען ווי געליימט און האָבן זיך וואַקלענדיק, ווי שכורע נאָכגעשלעפּט נאָך די ווערטער.

מיטאַמאָל האָט ער הינטער זיך דערהערט אַ רוישן פון אַ קלייד און אַ שטים, עטוואָס פאַרדריסלעך און מיט אַ געקינסטלטן אַקצענט אַרויסזאָגן:

„Mais tais-toi donc, Edgar !" *)

לעבן זיין טיש האָט פאַרבייגערוישט אַ זיידן קלייד, אַ שלאַנק, שטאָלץ געשטאַלט האָט זיך דורכגעטראָגן פאַרביי אים און הינטער איר, געקליידט אין אַ שוואַרצן סאַמעט־אַנצוג, אַ קליין, בלאַס ייִנגל, וועלכער האָט געוואָרפן אויף אים אַ נייגיריקן בליק. זיי האָבן זיך ביידע אַנידערגעזעצט קייגנאיבער בײַ דעם רעזערווירטן טיש, דאָס קינד האָט זיך באַמיט צו האַלטן קאָרעקט, דאָס האָט אָבער נישט האַרמאָנירט מיט דער אומרויקייט אין זיינע שוואַרצע אויגן. די דאַמע — די אויפמערקזאַמקייט פון ייִנגן באַראָן איז געווען געווענדט נאָר אויף איר — איז געווען זייער זאָרגפעלטיק און עלעגאַנט געקליידט, און דעריבער אַזאַ טיפּ, וועלכן ער האָט זייער ליב געהאַט, איינע פון יענע עטוואָס פול־לייביקע ייִדישע פרויען אין דער עלטער נאָענט פון דער איבערדרייפיקייט, אָן ספק אויך ליידנשאַפטלעך, אָבער מיט דער דערפאַרונג, צו פאַרבאָרגן איר טעמפּעראַמענט הינטער אַ פיינער מעלאַנכאָליע. ער האָט נאָך נישט באַוויזן אַריינצוקוקן איר אין די אויגן און האָט בלויז באַוואונדערט די שיין־געפאָרמטע ליניע פון די אויגן־ברעמען, פיין געראונדעט איבער דער צאַרטער נאָז, וועלכע האָט אפילו געטראָגן אויף זיך סימנים פון איר ראַסע, אָבער דאָך האָט זי דורך איר איידע-

*) זיי דאָך שטיל, עדגאַר!

ער פֿאָרם געמאַכט דעם פּראָפֿיל שאַרף און אינטערעסאַנט. די האָר, אַזוי ווי אַלדאָס ווייבּלעכע אין דעמדאָזיקן פֿולן קערפּער, זענען געווען פֿון אַן אומגעוויינטלעכער שפּעדיקייט, עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט שיכּור און בּאַרימעריש געוואָרן פֿון דער אייגענער שיינקייט, אין דעם זיכערן זעלבּסט-ווערט-געפֿיל, וועלכעס איז בּאַ איר אויסגעוואַקסן, צוליבּ דער אַלגעמיינער בּאַוואונדערונג, מיט וועלכער זי איז תּמיד בּאַשאָנקען געוואָרן. זי האָט בּאַשטעלט מיט אַ זייער שטילער שטים, געמוסרט דאָס ייִנגל, וואָס האָט שפּילנדיק זיך געקלונגען מיט אַ גאָפּל — דאָס אַלץ האָט זי געטון מיט אַ פֿלומרשטער גלייכגילטיקייט צו דעם בּאַראָנס פֿאָרזיכטיק זיך אונטערגעבּנדיקן בּליק, וועלכן זי האָט זיך געמאַכט נישט בּאַמערקן, אין דער ווירקלעכקייט אָבּער איז איר צוריקגעצויגענע האַלטונג אַנטשטאַנען נאָר אונטער דער ווירקונג פֿון זיין אייפֿעריקער אויפֿמערקזאַמקייט.

דאָס פֿאַרשטאָפּטע געזיכט פֿון בּאַראָן האָט פּלוצלינג אויפֿגעשטראַלט, עפּעס ווי אַן אונטערערדישע בּאַלעבּונגס-קראַפֿט האָט געבּראַכט די נערוון אין בּאַוועגונג, אויסגעגלייכט די קנייטשן, אָנגעצויגן די מוסקולן, אַזוי, אַז זיין געשטאַלט איז ווי אויפֿגעוואַקסן און אין זיינע אויגן האָבּן אויפֿגעפֿלאַקערט פֿייערלעך. ער אַליין איז אין אַ געוויסער מאָס געווען ענלעך צו פֿרויען, וועלכע דאַרפֿן ערשט די קעגנוואַרט פֿון אַ מאַן, כּדי צו קענען פֿון זיך אַרויסבּרענגען זייער גאַנצע מאַכט. אַ זינלעכער רייץ איז ערשט אימשטאַנד געווען אָנצושטרענגען זיין ענערגיע בּיז צו פֿאָלקאָמער קראַפֿט. דער יעגער אין אים האָט דאָ דערשפּירט אַ רויבּ. אַרויספֿאָדערנדיק האָט זיין אויג געזוכט צו בּאַגעגענען איר בּליק, וועלכער האָט זיך טיילמאָל מיט אַ בּליצנדיקער אומבּאַשטימטקייט דורכגעגליטשט פֿאַרבּיי אים, אָבּער קיינמאָל נישט געגעבּן דרייסט קיין קלאָרן ענטפֿער. טיילמאָל האָט זיך אים אויך אויסגעדאַכט צו זען אַרום אירע מויל-ווינקלען אַ בּאַוועגונג, ווי פֿון אַן אַנטשטייענדיקן שמייכל, אָבּער דאָס אַלץ איז געווען אומבּאַשטימט, און די דאָזיקע אומבּאַשטימטקייט האָט אים גערייצט. דאָס איינציקע, וואָס האָט אויסגעוויזן צו זיין צוזאָגנדיק, איז געווען דאָס אָפֿטע אָפּווענדן דעם

בליק, ווייל דערין האָט געשטעקט ווידערשטאַנד און פאַרלעגנהייט צו גלייכער צייט, און דערצו נאָך דער מערקווירדיק־זאַרגפעלטיקער אופן פון געשפרעך מיטן קינד, פון וואָס ס׳האָט זיך באַשיינפערלעך געפילט אַן אויסגערעכנטקייט פאַרן צושויער. גראָד דידאָזיקע עקשנותדיקע פאַרשטעלטקייט, אויסצוזען רויק, האָט באַוויזן — דאָס האָט ער גוט געפילט — אַן אָנהייב פון אַ אומרויקייט. אויך ער איז געווען נישט גלייכגילטיק: דאָס שפיל האָט זיך אָנגעהויבן. ער האָט לענגער פאַרבראַכט באַם מאָלצייט און פעסטגעהאַלטן דידאָזיקע פרוי מיט זיין בליק אַ האַלבע שעה כמעט אומאויפהערלעך, ביז ער האָט יעדע ליניע אויף איר געזיכט דורכגעפאָרשט, יעדע שטעלע פון איר היפשן קערפער אומזעבאַר באַרירט. אין דרויסן איז אַראָפגעזונקען אַ שווער־דריקנדיקע טונקלקייט, די וועלדער האָבן געזיפצט מיט אַ קינדישן פחד פאַר די גרויסע רעגנוואָלקנס, וואָס האָבן אויסגעשטרעקט נאָך זיי גרויסע הענט, וואָס אַמאָל פינצטערער האָבן די שאָטנס אַרייַנגעדרונגען, וואָס אַמאָל מער האָבן די מענטשן אויסגעזעען, ווי צוזאַמענגעפרעסט דורך דעם שטילשווייגן. דאָס געשפרעך פון דער מוטער מיט איר קינד איז, אונטער דער דראָענדיקער געפאַר פון דערדאָזיקער שטילקייט, געוואָרן — ער האָט דאָס באַמערקט — וואָס אַמאָל מער געצוואונגענער, געקינסטלטער, באַלד, האָט ער געפילט, וועט עס זיך איבעררייסן. דאַן האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן אַ פרווו. ער איז אויפגעשטאַנען דער ערשטער און אָנשטעלנדיק אַ לאַנגן בליק אין דרויסן אַרויס, ווי נישט זעענדיק זי, האָט ער זיך לאַנגזאַם געלאָזט גיין צו דער טיר. דאָרט האָט ער שנעל אומגעקערט דעם קאָפ, גלייך ווי ער וואָלט עפּעס געהאַט פאַרגעסן. און ער האָט אָנגעטראָפן, ווי זי האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ לעבהאַפטיקן בליק.

דאָס האָט אים גערייצט. ער איז געבליבן וואַרטן אין גרויסן זאַל. זי איז באַלד נאָכגעקומען מיטן יינגל באַ דער האַנט, פאַרבייגייענדיק האָט זי זיך אָפּגעשטעלט באַם טיש, דורכגעבלעטערט די צייטשריפטן און געוויזן דעם קינד אַ פאָר בילדער. אָבער, ווען דער באַראָן איז, ווי צופעליק, צוגעגאַנגען צום טיש, כלומרשט ייך צו נעמען אַ צייטונג, אין דער ווירקלעכקייט אָבער, כדי

טיפער אַרייַנצודרינגען אין דעם פייכטן שימער פון אירע אויגן, אָדער אפשר גאָר, אָנצוהייבן אַ געשפּרעך, האָט זי זיך אָפּגעקערט, אַ קלאַפּ געטון לייכט איר זון אויפן אַקסל „Viens Edgar ! Au lit !"*) און קיל דורכגעגאַנגען פאַרביי אים. דער באַראָן האָט איר נאָכגעקוקט אַ ביסל אַנטוישט. ער האָט אייגנטלעך גערעכנט אויף אַ באַקאַנטשאַפט מיט איר נאָך אין דעם זעלבן אָוונט און דאָסדאָזיקע צוריקשטויסנדיקע פאַרהאַלטן זיך האָט אים אַנטוישט. אין דעמדאָזיקן ווידערשטאַנד איז אָבער געלעגן אַ רייץ, און גראָד דאָס אומזיכערע האָט אָנגעצונדן זיין באַגער. אויף יעדן פאַל: ער האָט געפונען אַ פּאַרטנער און עס קאָן זיך אָנהייבן אַ שפּיל.

## שנעלע פריינטשאַפט.

ווען דער באַראָן איז צומאָרגנס אינדערפרי אַרייַנגעקומען אין דעם גרויסן זאַל, האָט ער דאָרט דערזען דאָס קינד פון דער שיינער אומבאַקאַנטער, שטאַרק פאַרטון אין אַ געשפּרעך מיט די בּיידע ווינדע-יינגלעך, ווייזנדיק זיי בּילדער אין אַ בּוך פון קאַרל מאַי. זיין מאַמע איז דאָ נישט געווען, זי איז וואַרשיינלעך נאָך געווען באַשעפטיקט מיט איר טואַלעט. אַצינד ערשט האָט דער באַראָן באַטראַכט דאָס יינגל. עס איז געווען אַ שרעקעוודיק אומאַנטוויקלט נערוועז קינד פון אַן ערך צוועלף יאָר מיט האַסטיקע באַוועגונגען און שוואַרצע אומרויִקע אויגן. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי עס טרעפט זייער אָפט בּאַ קינדער אין די יאָרן, פון אַן איבּערגעשראָקענעם, גלייך מ'וואָלט אים ערשט פון שלאָף אויפגעוועקט און אַוועקגעשטעלט אין אַ פרעמדער סביבה. זיין

---

*) גיי שלאָפן, עדגאַר.

פּנים איז געווען נישט מיאוס, אָבער נאָך אינגאַנצן אומבאַשטימט, דער קאַמף צווישן דעם מענטשלעכן מיט דעם קינדישן האָט, ווייזט אויס ערשט אַצינד געהאַלטן, באַם אָנהייבן זיך, דערווייל אָבער איז נאָך אַלץ אין זיין פּנים געווען, ווי בלויז געקנעטן און נאָך נישט געפאָרמט, עס איז נאָך קיין זאַך נישט געווען אויסגעדרוקט אין ריינע ליניעס, נאָר בלאַס און אומרויִק אָנגעוואָרפן. ער האָט זיך דעריבער געפונען גראָד אין יענעם נישט גינסטיקן עלטער, ווען עס פּאַסן קינדער קיינמאָל נישט די קליידער, די אַרבל און די הויזן הענגען לויז אַרום די מאָגערע גלידער און זיי פאַרמאָגן נאָך נישט דאָס באַוואוסטזיין, אַכט צו לייגן אויף זייער אויס-זען.

דאָס יינגל האָט דאָ, מיט זיין נישט-דרייסטן אַרומדרייען זיך, געמאַכט אַ זייער קלאָגעדיקן איינדרוק. אייגנטלעך איז ער אַלעמען געשטאַנען אין וועג. דאָ האָט אים דער פּאָרטיער, וועלכן ער האָט באַלעסטיקט מיט די פאַרשידנסטע פראַגן, אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט, דאָ ווידער האָט ער געשטערט די דורכגייער באַם אַריינגאַנג; עס איז געווען קענטיק, אַז ער נויטיקט זיך אין אַ פריינטשאַפטלעכער באַציונג. ער האָט זיך דעריבער באַמיט, צוליב זיין קינדערישער באַדערפעניש צו פלוידערן, איינצושמייכלען זיך באַ די האָטעל-דינער, וועלכע האָבן אים געענטפערט, אויב זיי האָבן גראָד געהאַט צייט, זיי פלעגן אָבער גלייך איבעררייסן דאָס געשפּרעך, ווי באַלד ס'איז עמעצער אָנגעקומען, אָדער, אַז זיי האָבן געדאַרפט עפּעס דערליידיקן. דער באַראָן האָט שמייכלענדיק און פאַראינטערעסירט זיך צוגעקוקט צו דעם אומגליקלעכן יינגל, וועלכער האָט אויף אַלץ געקוקט מיט נייגיריקייט און וועלכן אַלע האָבן אומפריינטלעך אויסגעמיטן. איינמאָל האָט ער אויפגעכאַפּט פעסט איינעם פון די-דאָזיקע נייגיריקע בליקן, אָבער די שוואַרצע אויגן האָבן שרעק-עוודיק זיך צוריקגעצויגן אין זיך אַריין און זיך באַהאַלטן הינטער די אַראָפּגעלאָזטע אויגן-הייטלעך. ווי באַלד מ'האָט זיי געכאַפּט באַם נאָכפאָרשן. דאָס האָט דעם באַראָן אַמיזירט. דאָס יינגל האָט אים אָנגעהויבן צו אינטערעסירן און אים איז איינגעפאַלן, צי וואָלט דאָסדאָזיקע קינד, וועלכעס איז משמעות נאָר צוליב שרעקעוודיקייט

געווען אַזוי צוריקגעהאַלטן, נישט געקאָנט דינען אַלס אַ גיכן פאַרמיטלער צו אַ דערגענטערונג מיט דער דאַמע. אויף יעדן פאַל: ער האָט עס געוואָלט פּרוון. ער איז אומבאַמערקט נאָכגעגאַנגען דעם ייִנגל, וועלכער האָט זיך אַצינד גראָד ווידער געלאָזט אין דרויסן אַרויס און אין זיין קינדישער צערטלעכקייט-באַדערפעניש גענומען גלעטן די ראָזע נאָזלעכער פון אַ ווייס פערד, ביז — ער האָט ווירקלעך נישט געהאַט קיין הצלחה — דער פורמאַן האָט אים אויך פונדאַנען אויף אַ גראָבן אופן אַוועקגעטריבן. אַ באַליידיקטער און געלאַנגווייליקט איז ער ווידער געבליבן שטיין, וואַרפנדיק אַרום זיין פוסטן און עטוואָס טרויעריקן בליק. דאַן האָט דער באַראָן געפרווט צו פאַרפירן מיט אים אַ געשפּרעך.

„נו, יונגערמאַן, ווי געפעלט עס דיר דאָ?" האָט ער פּלוצלינג אָנגעהויבן, באַמיענדיק זיך, זיין טאָן זאָל אַרויסקומען ווי ווייט מעגלעך הייטערער.

דאָס קינד איז געוואָרן רויט ווי פייער און אויפגעהויבן שרעקעוודיק אַ פאַרגליווערטן בליק. ער האָט צוריקגעצויגן די האַנט צו זיך עפּעס ווי אין שרעק און געדרייט זיך אַהין און אַהער אין פאַרלעגנהייט. דאָס האָט מיט אים געטראָפן צום ערשטן מאָל, אַז אַ פרעמדער העָר זאָל מיט אים פאַרפירן אַ געשפּרעך.

„איך דאַנק, גוט", האָט ער קוים געקענט אַרויסשטאַמלען. דאָס לעצטע וואָרט איז שוין געווען מער אַרויסגעשטיקט, ווי גערעדט.

„דאָס וואונדערט מיך", האָט דער באַראָן געזאָגט לאַכנדיק, „עס איז דאָך דאָ אייגנטלעך אַ לאַנגווייליק אָרט, דערצו פאַר אַ יונגנמאַן, ווי דו ביסט. וואָס טוסטו דען אַ גאַנצן טאָג?"

דאָס ייִנגל איז נאָך אַלץ געווען צופיל צעטומלט, אַז ער זאָל קענען באַלד ענטפערן. קאָן עס דען באמת מעגלעך זיין, אַז דער דאָזיקער פרעמדער עלעגאַנטער הער זאָל מיט אים, אויף וועלכן קיינער קוקט זיך נישט אום, וועלן פאַרפירן אַ שמועס? דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים געמאַכט שרעקעוודיק און שטאָלץ צו גלייכער צייט. מיט גרויס מי האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט.

„איך לייען, און אַ חוץ דעם, מיר גייען זייער פיל שפּאַ-

צירן. טײלמאָל פֿאָרן מיר אין אַ װאָגן, די מאַמע און איך. איך דאַרף דאָ מײַן געזונט פֿאַרבעסערן, איך בין קראַנק געװען. איך מוז דעריבער אַ סך זיצן אויף דער זון, האָט דער אַרצט געזאָגט".

די לעצטע װערטער האָט ער אַרויסגערעדט שוין גאָר זיכער. קינדער זענען תּמיד שטאָלץ מיט אַ קראַנקהייט, װײַל זײ װײסן, אַז די סכּנה מאַכט זײ נאָכאַמאָל אַזוי פֿיל װיכטיק בײַ זײערע נאָענטע.

„יאָ, די זון איז גוט פֿאַר אַזעלכע יונגעלייט, װי דו, זי װעט דיך שוין אָפּבּרענען אויף ברוין. אָבער דו דאַרפֿסט פֿונדעסטװעגן נישט אָפּזיצן אַ גאַנצן טאָג אויף איין אָרט. אַ יונגערמאַן, װי דו, דאַרף אַרומלויפֿן, לוסטיק זײַן און אַ ביסל אויך אַרומשטיפֿן. מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט צו פֿײַן, דו זעסט טאַקע אַזוי אויס, װי אַ שטובּזיצער מיט דײַן גרויס, דיק בוך אונטערן אָרעם. איך געדענק נאָך, װאָס פֿאַר אַ קונדס איך בין געװען אין דײַנע יאָרן, יעדן אָװנט בין איך אַהיימגעקומען מיט צעריסענע הויזן. נאָר נישט צופֿיל פֿײַן זײַן!"

דאָס קינד האָט נישט װילנדיק געמוזט שמייכלען און דאָס האָט אים פֿאַרטריבן די שרעק. עס האָט גערן געװאָלט עפּעס אָפּענטפֿערן, אָבער עס האָט אים אַלץ אויסגעװיזן פֿאַר צו פֿרעך, צופֿיל חוצפּהדיק קעגן דעמדאָזיקן גוטן פֿרעמדן הער, װעלכער האָט מיט אים אַזוי פֿרײַנטלעך גערעדט. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט די טבע אַרײַנצופֿאַלן אין יענעמס רייד און תּמיד געװען אַ ביסל אומדרייסט, און אַזוי איז ער אויך אַצינד פֿאַר גליק און שעמעװדיקייט אַרײַנגעפֿאַלן אין דער גרעסטער צעמישטקייט. ער װאָלט זייער גערן װייטער געפֿירט דעם שמועס, אָבער עס איז אים נישט אײַנגעפֿאַלן קיין שום געדאַנק. צום גליק איז גראָד פֿאַרבייגעגאַנגען דער גרויסער געלער האָטעל-הונט, האָט זײ בײדע באַשנופֿלט און זיך גערן געלאָזט גלעטן.

„האָסט ליב הינט?" האָט דער באַראָן געפֿרעגט.

„אָ, זייער, מײַן באָבע האָט אַ הונט אין איר װילע אין באַדן און װען מיר װאוינען דאָרט, פֿאַרברענגט ער תּמיד דעם

גאַנצן טאָג מיט מיר. דאָס איז אָבער בלויז אין זומער, ווען מיר קומען דאָרט מיט אַ באַזוך".

„מיר האָבן אינדערהיים, אין אונזער גוט, דאַכט זיך, צוויי טיץ. אויב דו וועסט זיך דאָ גוט אויפפירן, וועל איך דיר איינעם שענקען. אַ ברוינעם מיט ווייסע אויערן, אַ גאַר יונגן, דו ווילסט?"

דאָס קינד האָט זיך פאַררויטלט פאַר פארגעניגן.

„אָ, יאָ."

עס האָט זיך באַ אים אַרויסגעכאַפּט, אַזוי הייס און באַגערנ־דיק. אָבער באַלד דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען מיט מורא און דערשראָקן, ווי איבערלייגנדיק זיך.

„אָבער די מאַמע וועט עס נישט דערלויבן. זי זאָגט, אַז די פאַרטראָגט נישט קיין הינט אין הויז. זיי מאַכן צופיל אומאָנגענע־נעמלעכקייטן.

דער באַראָן האָט געשמייכלט. ענדלעך איז דער שמועס דערגאַנגען וועגן דער מאַמען.

„איז די מאַמע אַזוי שטרענג?"

דאָס קינד האָט זיך פאַרטראַכט, אַ סעקונדע אַ בליק געטון אויף אים, ווי פרעגנדיק, צי מען מעג דעמדאָזיקן פרעמדן הער אַלץ אויסזאָגן. דער ענטפער איז געבליבן פאָרזיכטיק:

„ניין, שטרענג איז די מאַמע נישט. אַציגד, ווייל איך בין קראַנק געווען, דערלויבט זי מיר אַלץ. אפשר וועט זי מיר דער־לויבן אויך אַ הונט צו נעמען".

„זאָל איך זי וועגן דעם בעטן?"

„יאָ, טוט טאַקע אַזוי", האָט דער קליינער אויסגערופן מיט פרייד. „דעמאָלט וועט עס די מאַמע זיכער דערלויבן. און ווי אַזוי זעט ער אויס? ווייסע אויערן האָט ער, נישט אמת? קאָן ער אויך ברענגען צו טראָגן זאַכן?"

„יאָ, ער קאָן אַלץ". דער באַראָן האָט געמוזט שמייכלען אי־בער די הייסע פינקען, וועלכע ער האָט אַזוי שנעל פונאַנדערגע־בלאָזן אין קינדס אויגן. די פריערדיקע פאַרלעגנהייט איז מיט איין מאָל פאַרשוואונדן געוואָרן און די דורך שרעק אייגגעהאַלטענע

ליידנשאַפטלעכקייט האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן איבער די ברעגן. מיט אַ בליץ־שנעלקייט האָט זיך דאָס פריערדיקע דערשראָקענע קינד פאַרוואַנדלט אין אַ צעלאָזענעם שטיפער. אויב די מוטער זאָל אויך זיין אַזעלכע, האָט דער באַראָן נישט ווילנדיק אַ טראַכט געטון, אַזוי הייס היגטער איר מאַסקע פון שרעק! אָבער באַלד איז דער קליינער צוגעשטאַנען צו אים מיט פראַגן אָן אַ שיעור:

„ווי הייסט דער הונט?"

„קאַראָ".

„קאַראָ", האָט דאָס קינד אויסגערופן מיט פרייד. עס האָט געלאַכט און זיך געפרייט באַ יעדן וואָרט, איינגאַנצן פאַרשכורט פון דער אומדערוואַרטער געשעעניש, וואָס ס'האָט זיך עמעצער מיט אים פריינטלעך פאַראינטערעסירט. דער באַראָן איז אַליין געווען דערשטוינט פון זיין שנעלן דערפאָלג און האָט באַשלאָסן צו שמידן דאָס אייזן, כל זמן עס איז הייס. ער האָט איינגעלאַדן דאָס יינגל, ער זאָל מיט אים גיין אַ ביסל שפּאַצירן און דאָס אָרעמע קינד, וואָס איז שוין זינט וואָכן געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ פריינטלעכער חברשאַפט, איז פונם דאָזיקן פאָרשלאַג געוואָרן אַנטציקט. אומבאַרעכנט האָט ער אויסגעפּלוידערט אַלדינג, וואָס זיין בייער פריינט האָט באַ אים אויסגענאַרט דורך קליינע, כלומרשט צופעליקע פראַגן. באַלד האָט דער באַראָן אַלץ געוואוסט וועגן דער פאַמיליע, פריער פאַר אַלץ, אַז עדגאַר איז אַן איינציקער זון פון אַ ווינער אַדוואָקאַט, וועלכער געהערט וואַרשיינלעך צו דער פאַרמעגלעכער יידישער בורזשואַזיע. און דורך אַ געשיקט אויספרעגן איז ער אויך באַלד געוואויר געוואָרן, אַז די מוטער איז פון דעם פאַרברענגען דאָ אין זעמערינג נישט זייער צופרידן און זי האָט זיך אויך באַקלאָגט אויף דעם מאַנגל אין אַ סימפּאַטישער געזעלשאַפט. אויף דער פראַגע, אויב די מאַמע לעבט גוט מיטן פּאַפּאַ, האָט דאָס קינד געענטפערט עפּעס ווי אויסמיידנדיק, פון וואָס דער באַראָן האָט זיך משער געווען, אַז אין דער הינזיכט איז נישט אַלץ אויפן בעסטן אופן. ער האָט זיך כמעט ווי געשעמט, וואָס עס איז אים אַזוי לייכט אָנגעקומען אויסצונאַרן באַ דעם תמימותדיקן יינגל די אַלע פאַמיליען־סודות, וואָרים עדגאַר, אין זיין שטאָלץ, וואָס ער קאָן פאַר־

אינטערעסירן אַ דערוואַקסענעם מענטש מיט דעם, וואָס ער האָט
צו דערציילן, האָט פּשוט אָנגעוואָרפן דעם נייעם פּ׳ריינט זיין צו-
טרוי. זיין קינדיש האַרץ האָט געקלאַפּט פאַר שטאָלץ — דער באַ-
ראָן האָט אים בשעתן שפּאַצירן אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן
אַקסל — זיך עפנטלעך צו ווייזן אויף אַזאַ אינטימען אופן מיט אַ
דערוואַקסענעם, ער האָט ביסלעכווייז פאַרגעסן אָן זיין קינדהייט און
געפלוידערט מיטן באַראָן פריי און אומגעצוואונגען, ווי צו זיינס
גלייכן. עדגאַר איז געווען, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פון זיין
רעדן, זייער קלוג, אַ ביסל פריצייטיק רייף, ווי עס זענען ס׳רוב
קרענקלעכע קינדער, וואָס האָבן אַ סך צייט פאַרברענגט מיט דער-
וואַקסענע, און האָט אויך פאַרמאָגט אַ מערקווירדיק איבערגעטרי-
בענע ליידנשאַפט פון צוגעבינדנקייט, אָדער פיינטלעכקייט. עס האָט
זיך געדאַכט, אַז ער קאָן נישט האָבן קיין רויקע באַציונג צו וועל-
כער ס׳איז זאַך. פון יעדן מענטש אָדער זאַך האָט ער גערעדט
אָדער מיט אַנטציקונג, אָדער מיט שנאה, וועלכע איז געווען אַזוי
ברויזנדיק, אַז זיין פּנים האָט זיך אומאָנגענעם פאַרקרימט און דער-
ביי איז עס געוואָרן קרענקלעך און מיאוס. עפּעס אַ ווילדקייט און
העפטיקייט, וואָס האָט אפשר נאָר געשטאַמט פון דער דורכגעמאַכ-
טער קראַנקהייט, האָט צוגעגעבן זיינע רייד אַ פאַנאַטישן ברען, און
עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיין אומגעשיקטקייט איז בלויז אַ פּועל-
יוצא פון דער מיט מי אונטערדריקטער מורא פאַר דער אייגענער
ליידנשאַפט.

דער באַראָן האָט זייער לייכט געוואונען זיין צוטרוי, איין
האַלבע שעה בלויז — און ער האָט דאָסדאָזיקע הייסע און אומ-
רויק-צאַפּלנדיקע האַרץ געהאַט אין דער האַנט. עס איז אַזוי גוואַל-
טיק לייכט אָפּצונאַרן קינדער, דידאָזיקע תמימותדיקע באַשעפע-
נישן, וואָס מ׳באַמיט זיך אַזוי זעלטן זייער ליבע צו געווינען.
דער באַראָן האָט בלויז געדאַרפט אויפצווועקן די זכרונות פון
זיין פאַרגאַנגענער קינדהייט, און דאָס קינדישע געשפּרעך איז אים
געוואָרן אַזוי אומגעצוואונגען און נאַטירלעך, אַז אויך דאָס יינגל
האָט אים אָנגעהויבן צו באַטראַכטן, ווי זיינס גלייכן און נאָך
ווייניקע מינוטן איז בא אים דאָס דיסטאַנץ-געפיל אינגאַנצן פאַר-

שוואַנדן. ער האָט זיך בלויז געפילט איבערגליקלעך, וואָס ער
האָט דאָ אין דעם איינזאַמען אָרט פּלוצלינג אָנגעטראָפן אויף אַ
פריינט, און נאָך וואָס פאַר אַ פריינט! אויסגעמעקט זענען גע-
וואָרן פון זיין זכרון די אַלע קליינע ייִנגלעך פון ווין מיט זייערע
דינע קולעכלעך, מיט זייערע נאַיווע פלוידערייען, זייערע ביל-
דער זענען ווי צערונען געוואָרן דורך דעם דערדאָזיקער איינער בייער
שעה! זיין גאַנצע פאַנאַטישע ליידנשאַפט האָט אַצינד געהערט
צום דאָזיקן נייעם, צו זיין גרויסן פריינט, און זיין האַרץ איז
אויסגעוואַקסן פאַר שטאָלץ, ווען דער דאָזיקער נייער פריינט האָט
אים באַם אָפּשייד נאָכאַמאָל איינגעלאַדן, ווידער צו קומען מאָרגן
פאַרמיטאָג און דערנאָך פונדערווייטנס אים צוגעוואונקען, אַזוי ווי
אַ ברודער. דידאָזיקע מינוט איז געווען אפשר די שענסטע אין
זיין לעבן. עס איז אַזוי לײַכט קינדער אָפּצונאַרן. — דער באַראָן
האָט מיט אַ שמייכל נאָכגעקוקט דעם ייִנגל, וואָס האָט זיך שטור-
מיש געלאָזט לויפן. דער פאַרמיטלער איז געווען פאַר אים גע-
וואונען. דאָס ייִנגל וועט אַצינד, דאָס האָט ער פאַרשטאַנען, זיין
מוטער ביז צום מיד-מאַכן קוועלן מיטן דערציילן, איבערחזרן יע-
דעס איינציקע וואָרט — און דערביי דערמאַנט ער זיך מיט צו-
פרידנקייט, ווי געשיקט ער האָט איינגעפלאָכטן עטלעכע קאָמפּלי-
מענטן אויף איר אַדרעס, ווי ער האָט כסדר זיך אויסגעדריקט
וועגן עדגאַרס „שיינער מאַמאַ“. עס איז געווען פאַר אים קלאָר,
אַז דאָס ייִנגל וועט נישט פריער איינרוען, ביז ער וועט זיין מאַמע
מיט אים צוזאַמענפירן. ער אַליין האָט דעריבער נישט באַדאַרפט
צו רירן מיט קיין פינגער, כדי צו פאַרקלענערן די דיסטאַנץ
צווישן זיך און דער שיינער אומבאַקאַנטער, ער האָט אַצינד גע-
קאָנט רויק טרוימען און די לאַנדשאַפט באַטראַכטן, וואָרים ער האָט
געוואוסט, אַז אַ פּאָר הייסע קינדערישע הענט בויען פאַר אים די
בריק צו איר האַרץ.



## דאָס טריאָ.

דער פּלאַן, ווי עס האָט זיך מיט אַ שעה שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז געווען אויסגעצייכנט און ביז אויף די קלענסטע פּרטים געלונגען. ווען דער ייִנגער באַראָן איז, בכּיוון אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, אַריינגעקומען אין שפּיין-זאַל, איז דער קליינער עדגאַר אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול, מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אים באַגריסט, גליקלעך שמייכלענדיק דערביי און צווינקענדיק אים. גלייכצייטיק האָט ער געצופּט זיין מוטער באַם אַרבל, האַסטיק און אויפגעבראַזט עפּעס אַריינגערעדט אין איר, אָנווייזנדיק מיט מערקווירדיקע זשעסטן אויפן באַראָן. זי האָט אים מיט אַ זשעניִרטקייט און רויט ווערנדיק דערביי אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זיין צו שטורמישע האַלטונג, זי האָט אָבער נישט געקאָנט אויסמיידן, איין מאָל אַריבערצובליקן, כּדי דעם ייִנגל צוליב צו טון, וואָס דער באַראָן האָט גלייך אויסגענוצט אַלס אַ געלעגנהייט צו אַ רעספּעקטפולער פאַרנייגונג. די באַקאַנטשאַפט איז געווען געמאַכט. זי האָט געמוזט צוריקגריסן, נאָר פון אַ צינד אָן האָט זי טיפער אַראָפּגעבויגן דאָס פּנים איבערן טעלער און אין פאַרלויף פון גאַנצן מאָלצייט האָט זי אויסגעמיטן נאָכאַמאָל אַהינצובליקן. עדגאַר דאַקעגן האָט כּסדר אַריבערגעקוקט, איינמאָל האָט ער אפילו געפּרוווט אַריבערצורעדן, אַ נישט-פּאַסיקייט, וועלכע זיין מוטער האָט אים גלייך ענערגיש פאַרווערט. נאָכן עסן האָט זי אים אָנגעוויזן, אַז ער דאַרף גיין שלאָפן און צווישן אים מיט זיין מאַמע האָט זיך אָנגעהויבן אַ העפטיק געמורמל, וועלכעס האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז עס איז אים נאָך הייסע בקשות דערלויבט געוואָרן אַריבערצוגיין צום אַנדערן טיש און זיך געזעגענען מיט זיין פריינט. דער באַראָן האָט אים געזאָגט עטלעכע פריינטלעכע ווערטער, וועלכע האָבן ווידער געמאַכט אויפפלאַקערן דעם קינדס אויגן, און האָט געפּלוידערט מיט-

אים עטלעכע מינוטן. פּלוצלינג אָבער האָט ער, אויפשטייענדיק מיט אַ געשיקטער באַוועגונג, זיך געווענדט צום קייגנאיבערדיקן טיש און באַגריסט די עטוואָס צעטומלטע דאַמע מיט איר קלוגן, מונטערן זון, האָט געלויבט דעם פאַרמיטאָג, וועלכן ער האָט צוזאַמען מיט אים אַזוי אויסגעצייכנט פאַרבראַכט — עדגאַר איז דערביי רויט געוואָרן פאַר פרייד און שטאָלץ — און צום סוף האָט ער אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן זיין געזונט, אַזוי אויספירלעך און מיט אַזוי פיל פּרטימדיקע פראַגן, אַז די מוטער איז געווען געצוואונגען צו ענטפערן. און אַזוי האָבן זיי זיך ביסלעכוויז אַריינגעלאָזט אין אַ לענגערן שמועס, צו וועלכן דאָס יינגל האָט זיך צוגעהערט אַ באַגליקטער און מיט אַ מין יראת הכבוד. דער באַראָן האָט זיך פאָרגעשטעלט און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט צו באַמערקן, אַז זיין קלינגענדיקער נאָמען האָט אויף דערדאָזיקער עלעגאַנטער דאַמע געמאַכט אַ געוויסן רושם. יעדנפאַלס איז זי געווען צו אים אויסערגעוויינלעך ליבלעך, הגם זי האָט דערביי נישט פאַרבויגן איר שטאָלץ און זאָגאַר פריי זיך געזעגנט מיט אים, דעם קליינעם צוליב, ווי זי האָט אַנטשולדיקנדיק זיך צוגעגעבן.

דאָס יינגל האָט קעגן דעם ענערגיש פּראָטעסטירט, ער איז נישט מיד און קאָן אפילו אַ גאַנצע נאַכט אויף־זיין. נאָר די מוטער האָט שוין דערלאַנגט די האַנט דעם באַראָן, וועלכער האָט זי רעספּעקטפול געקושט.

עדגאַר איז שלעכט געשלאָפן אין דערדאָזיקער נאַכט. עס האָט געבּרויזט אין אים אַ געמיש פון גליקלעכקייט און קינדישער פאַרצווייפלונג. וואָרים היינט איז אין זיין לעבן פאָרגעקומען עפּעס נייעס. צום ערשטן מאָל איז ער אַריינגעדרונגען אין דעם גורל פון דערוואַקסענע. שוין האַלב־חלומענדיק האָט ער פאַרגעסן אָן זיין קינדהייט און זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַ דערוואַקסענעם. זייענדיק דערצויגן אין איינזאַמקייט און אָפט קראַנק, האָט ער ביז אַצינד גאָר ווייניק פריינט געהאַט. ער האָט נישט געהאַט קיינעם, צו קענען שטילן זיין צערטלעכקייט־באַדערפעניש, אויסער די עלטערן, וועלכע האָבן זיך אָבער מיט אים ווייניק אָפּגעגעבן, און די דינערשאַפט. און די קראַפט פון אַ ליבע ווערט תמיד פאַלש גע-

מאָסטן, אויב מען שאַצט זי נאָר לויט איר סיבה און נישט לויט דער געשפּאַנטקייט, וואָס ציט זיך איר פאַרויס, יענעם הוילן, טונקעלן חלל פון אַנטוישונג און איינזאַמקייט, וואָס ליגט פאַר אַלע גרויסע האַרץ־געשעענישן. דאָ האָט געוואַרט אַ שווער געלאָדן, אומאויסגענוצט געפיל און עס האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס צו דעם ערשטן בעסטן, וועלכער האָט אויסגעזען צו זיין ווערט דערצו. עדגאַר איז געלעגן אין דער פינצטער, אַ באַגליקטער און אַ צעטומלטער, ער האָט געוואָלט לאַכן און האָט געמוזט וויינען. וואָרים ער האָט ליב געקריגן דעם דאָזיקן מענטש, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געליבט קיין שום פריינט, נישט פאָטער און מוטער און נישט אַפילו גאָט. די גאַנצע אומרייפע ליידנשאַפט פון זיינע פריערדיקע יאָרן האָט אַרומגעקלאַמערט דאָס בילד פונם דאָזיקן מענטש, וועמענס נאָמען ער האָט נאָך מיט צוויי שעה פריער נישט געקענט.

אָבער דאָך איז ער געווען גענוג קלוג, אַז דאָס אומדערוואַרטע און אייגנאַרטיקע פון דער דאָזיקער נייער פריינטשאַפט זאָל נישט אָנוואַרפן אויף אים אַ פאַרזאָרגטקייט. דאָס, וואָס אים האָט אַזוי שטאַרק צעטומלט, איז געווען דאָס געפיל פון מינדערווערטיקייט און נישטיקייט. „בין איך דען אים ווערט, איך, דאָס קליינע יינגל, וואָס איז צוועלף יאָר אַלט, וועלכער דאַרף נאָך גיין אין שול, וועלכן מ'הייסט אויפדערנאַכט פריער פאַר יעדן שלאָפן גיין?" האָט עס אים געפייניקט. „וואָס קען איך פאַר אים זיין, וואָס קען איך פאַר זייבעטוועגן טון?" גראָד דאָסדאָזיקע פיינלעך־עמפּפינדנדע נישט אימשטאַנד זיין, אַרויסצוווייזן אויף אַ וועלכן ס'איז אופן זיין געפיל, האָט אים פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש. געוויינטלעך, אַז ער פלעגט ליב קריגן אַ חבר, איז דאָס ערשטע געווען, אים אָוועקצוגעבן אַ טייל פון די עטלעכע טייערע חפצים, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, בריוו־מאַרקעס און שטיינדלעך, דאָס קינדישע פאַרמעגן פון דער קינדהייט. נאָר דידאָזיקע אַלע זאַכן, וואָס האָבן נאָך נעכטן געהאַט פאַר אים אַ הויכע באַדייטונג און אַ זעלטענעם רייץ, האָבן איצט מיטאַמאָל פאַרלוירן ביי אים זייער חשיבות און האָבן זיך אים אויסגעוויזן פאַר נאַריש און נישטיק. וואָרים ווי

אַזוי קען ער פֿאַרלייגן אַזעלכע זאַכן דעם נייעם פּריינט, צו וועלכן ער טאָר אַפּילו נישט רעדן אויף דו; וואו געפינט זיך אַן אויסוועג, אַ מעגלעכקייט, זיינע געפילן אַרויסצווייזן? ער האָט וואָס אַמאָל אַלץ מער עמפּפינדן דאָס פּיינלעכע געפיל, קליין צו זיין, עפּעס האַלב, אומרייף, אַ קינד פון צוועלף יאָר, און נאָך קיינמאָל האָט ער נישט אַזוי שטורמיש פֿאַרשאָלטן דאָס קינד-זיין און הייס באַגערט, אויפצושטיין אַן אַנדערער; גרויס און שטאַרק, אַ מאַן, אַ דערוואַקסענער, ווי די אַנדערע.

און דידאָזיקע אומרויִקע מחשבות האָבן זיך מיט אַ שנעלקייט אַריינגעפלאָכטן אין די ערשטע בונטע חלומות אויס יענער בייער וועלט פון אַ מאַן-זיין. עדגאַר איז ענדלעך איינגעשלאָפן מיט אַ שמייכל, אָבער דאָך, דער געדאַנק וועגן דעם מאָרגנדיקן צוזאַמענטרעפן זיך מיטן באַראָן האָט אונטערגעגראָבן זיין שלאָף. שוין זיבן אינדערפרי האָט ער אויפגעוואַכט מיט דער שרעק, אַז ער וועט צו שפּעט קומען. ער האָט זיך האַסטיק אָנגעטון, אַריין אין אַנדערן צימער, צו באַגריסן די מוטער, וועלכע האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט, ווייל געוויינלעך פלעגט זי מוזן אָנווענדן גרויס מי, אים אַרויסצוברענגען פון בעט, און נאָך איידער זי האָט צייט געהאַט אים צו שטעלן פראַגן, איז ער שטורמיש אַראָפּגעלאָפן. ביז ניין אַ זייגער האָט ער זיך אַרומגעבלאָנקעט מיט אומגעדולד, האָט פֿאַרגעסן צו עסן זיין פרישטיק און איז בלויז געווען פֿאַרנומען מיטן געדאַנק, דעם פריינט נישט צו לאָזן לאַנג וואַרטן מיט דעם שפּאַצירן-גיין.

האַלב צען איז ענדלעך דער באַראָן זאָרגלאָז אָנגעקומען מיט לאַנגזאַמע טריט. ער האָט נאַטירלעך דאָס באַשטעלן זיך שוין לאַנג געהאַט פֿאַרגעסן, איצט אָבער, זעענדיק, ווי דאָס ייִנגל איז מיט גיריקייט צו אים צוגעשפרונגען, האָט ער געמוזט שמייכלען איבער דערדאָזיקער ליידנשאַפטלעכקייט און האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר גרייט, זיין צוזאָג צו האַלטן. ער האָט ווידער גענומען דאָס ייִנגל אונטערן אָרעם, געגאַנגען מיט אים, אַ שיינענדיקן פאַר פרייד, הין און צוריק, נאָר אָנצוהייבן אַצינד דעם שפּאַצירגאַנג האָט ער אים ווייך, אָבער אַנטשלאָסן אָפּגעזאָגט. עס האָט אויס-

געזעען, ווי ער וואָלט אויף עפּעס געוואַרט, אַזוי ווייניקסטנס האָט עדות געזאָגט זיין נערוועזער בליק, וואָס האָט זיך געגליטשט איבער דער אַריינגאַנגס־טיר. פּלוצלינג האָט ער זיך אויסגעגלייכט. עדגאַרס מוטער איז אַריינגעקומען און, ענטפערנדיק אויף דער באַגריסונג, האָט זי זיך פריינטלעך דערנענטערט צו זיי ביידע. ווען זי האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם אָפּגעשמועסטן שפּאַציר, פון וועלכן עדגאַר האָט געהאַט געמאַכט פאַר איר אַ סוד, ווי וועגן עפּעס אַ גאָר טייערע זאַך, האָט זי צושטימענדיק געשמייכלט און וכן דער באַראָן האָט זי איינגעלאַדן אויך מיטצוגיין, האָט זי שנעל איינגעוויליקט דערויף.

עדגאַר איז גלייך געוואָרן אָנגעבּרוגזט און זיך געביסן די ליפּן. וואָס פאַר אַ פאַרדראָס, וואָס זי איז גראָד איצט אָנגעקומען! דערדאָזיקער שפּאַציר האָט דאָך צו אים אַליין געהערט, און ווען אפילו ער האָט זיין פריינט פאָרגעשטעלט פאַר דער מאַמען, איז עס דאָך בלויז געווען אַ ליבנסווירדיקייט פון זיין זייט, אָבער טיילן זיך מיט איר וויל ער נישט. אין אים האָט זיך שוין דערוועקט עפּעס ווי אייפערזוכט, בעת ער האָט באַמערקט דעם באַראָנס פריינטלעכקייט צו זיין מוטער.

זיי זענען זאַלבעדריט געגאַנגען שפּאַצירן, און דאָס געפערלעכע געפיל פון זיין וויכטיקייט און פּלוצלינגער באַדיינדקייט איז אין דעם קינד געוואָרן אונטערגעהאַלטן דורך דעם באַזונדערן אינטערעס, וואָס ביידע האָבן אים אַרויסגעוויזן. עדגאַר איז כמעט געווען דער איינציקער קעגנשטאַנד, אַרום וועלכן ס'איז געפירט געוואָרן דער שמועס; די מוטער האָט זיך אַרויסגעזאָגט מיט אַ מין צביעותדיקער פאַרזאָרגטקייט וועגן זיין בלייכקייט און נערוועזקייט, דער באַראָן ווידער האָט שמייכלענדיק נישט איינגעשטימט דערמיט און זיך אַריינגעלאָזט אין ליבּ־רייד וועגן דער פיינער האַלטונג פון זיין „פריינט”, ווי ער האָט אים אָנגערופן. דאָס איז געווען עדגאַרס שענסטע שעה. ער האָט אַצינד געהאַט אַזעלכע רעכט, וועלכע זענען אים אין פאַרלויף פון זיין קינדהייט קיינמאָל נישט דערלויבט געוואָרן. ער האָט געמעגט זיך אַריינמישן אין שמועס, נישט ווערנדיק באַלד אויפגעפאָדערט רויק צו בלייבן, זאָגאַר זיך אַרויס־

זאָגן וועגן פּלערליי דרייסטע פּאַרלאַנגען, פאַר וועלכע מ׳וואָלט אים פריער פּאַרוואורפן געמאַכט. און עס איז נישט געווען קיין וואונדער, וואָס אין אים האָט זיך בּרייט פונאַנדערגעוואַקסן דאָס אָפּנאַרנדיקע געפיל, אַז ער איז אַ דערוואַקסענער. אין זיינע ליכ־טיקע חלומות האָט ער שוין געזען זיין קינדהייט ליגן ווייט הינ־טער זיך, ווי אַן אַוועקגעוואָרפן אויסגעוואַקסן קלייד.

צום מיסאָג האָט דער בּאַראָן, אָננעמענדיק די איינלאַדונג פון דער כּסדר צו אים פריינטלעכער עדגאַרס מוטער, זיך געזעצט בּאַ איר טיש. פון דעם ווי־זאַ־ווי איז געוואָרן אַ צוזאַמענזיצן, פון דער בּאַקאַנטשאַפט אַ פריינטשאַפט. דאָס טריאָ איז געווען אין גאַנג און די דריי שטימען, פון דער פרוי, פון מאַן און פון קינד, האָבן זיך האַרמאָניש צוזאַמענגעגאָסן.

## דער אָנגריף.

ענדלעך האָט זיך דעם אומגעדולדיקן יעגער אויסגעוויזן, אַז עס איז שוין צייט אונטערצוגנבענען זיך צו זיין רויב. דאָס פאַ־מיליערע, דער דרייקלאַנג איז אים אין דערדאָזיקער אָנגעלעגנהייט נישט געפעלן געוואָרן. עס איז טאַקע געווען גאַנץ פיין אַזוי זאָל־בּעדריט צו פלוידערן, אָבער סוף כּל סוף איז נישט דאָס פלוי־דערן געווען זיין כּוונה. דערצו בּאַך האָט ער געוואוסט, אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע בּאַנעמען זיך און דאָס פאַרבּאָרגן די בּאַגערלעכע פאַרלאַנגען אונטער אַ מאַסקע, פאַרקלענערן תּמיד די עראָטישע קראַפט צווישן מאַן און פרוי, עס שוואַכט אָפּ די היץ פון די ווער־טער און בּאַם אָנגריף דאָס פייער. זי דאַרף צוליב דעם שמועסן קיינ־מאָל נישט פאַרגעסן זיין אמתע כּוונה, וועלכע זי האָט שוין, — אין דעם איז ער געווען זיכער — ווי ער האָט עס אַרויסגעפילט, פאַרשטאַנען.

אַז זיינע בּאַמיונגען בּאַ דערדאָזיקער פרוי וועלן נישט בּלייבן

אומזיסט, איז געווען זייער וואַרשיינלעך. זי האָט זיך געפונען אין
יענע אַנטשיידונגס=יאָרן, ווען עס פאַרגנבעט זיך דאָס חרטה=געפיל
אין אַ פרוי, וואָס זי איז דעם מאַן, וועלכן זי האָט אייגנטלעך קיינמאָל
נישט געליבט, טריי געבליבן, און ווען דער פאָרפאָרנער זון=פאַר=
גאַנג פון איר שיינקייט מאַכט איר נאָך מעגלעך דעם לעצטן דרינגנ=
דיקן אויסוואַל צווישן דעם מוטערלעכן און דעם ווייבלעכן. דאָס
לעבן, וואָס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס איז שוין לאַנג פאַר=
ענטפערט געוואָרן, ווערט אין דערדאָזיקער מינוט נאָכאַמאָל פאַר=
וואַנדלט אין אַ פראַגע, צום לעצטן מאָל טוט אַ ציטער די מאַגנע=
טישע נאָדל פון ווילן צווישן דער האָפנונג אויף עראָטישער אי=
בערלעבונג אין דער ענדגילטיקער רעזיגנאַציע. אַ פרוי האָט דע=
מאָלט צו מאַכן די געפערלעכע אַנטשיידונג, צי זאָל זי לעבן לויט
איר אייגענעם גורל, אָדער לויט דעם גורל פון אירע קינדער, פרוי
אָדער מוטער צו זיין. און דעם באַראָן, אַ שאַרפזיכטיקער אין די
דאָזיקע זאַכן, האָט זיך אויסגעדאַכט צו באַמערקן אין איר גראָד
די דאָזיקע אומאַנטשלאָסנקייט צווישן לעבנס-פאַרלאַנג און זעלבסט=
אָפערונג. זי האָט בעתן געשפרעך קיינמאָל נישט דערמאַנט וועגן
איר מאַן, וועלכער האָט, ווייזט אויס, באַפרידיקט בלויז אירע אוי=
סערלעכע באַדערפענישן, אָבער נישט איר דורך דעם ברייטן לעבנס-
שטייגער צערייצטן סנאָביזם, אויך פון איר קינד האָט זי איבער=
לעך אייגנטלעך זייער ווייניק געוואוסט. אַ שאָטן פון לאַנגוויל,
וועלכער האָט אין אירע שוואַרצע אויגן אָנגענומען דאָס געשטאַלט
פון מעלאַנכאָליע, איז געלעגן איבער איר לעבן און האָט פאַר=
טונקלט איר זינלעכקייט. דער באַראָן האָט באַשלאָסן, שנעל צו
פירן זיין האַנדלונג, אָבער גלייכצייטיק נישט צו לאָזן מערקן זיין
איילקייט. אין קעגנטייל, ער האָט געוואָלט אויף דערדאָזיקער נייער
פריינטשאַפט ענטפערן מיט אַ כלומרשטער גלייכגילטיקייט פון זיין
זייט, אַזוי ווי דער פיש-פאַנגער, וועלנדיק פאַרנאַרן אין נעץ אַריין,
ציט צוריק דעם האַקן; ער האָט געוואָלט מיט זיין האַלטונג אַרויס-
רופן בײַ איר דעם פאַרלאַנג, אים צו געווינען, בעת אין דער
ווירקלעכקייט איז ער פול געווען מיטן באַגער, זי צו געווינען. ער
האָט באַשלאָסן אַרויסצווייזן אַ פאַרגרעסערטע, אויפגעבלאָזענע,

שטאָלצקייט, שאַרף אונטערצושטרייכן דעם אונטערשייד פון איר סאָציאַלן שטאַנד און אים האָט געריצט דער געדאַנק, צו קענען געווינען דעמדאָזיקן היפּשן, פולן, שיינעם קערפּער, בלויז דורכן באַטאָנען זיין שטאָלץ, דורך אויסערלעכקייטן, דורך אַ קלינגענדיקן אַריסטאָקראַטישן נאָמען און קאַלטע מאַנירן.

דער הייסער שפּיל האָט אים שוין אָנגעהויבן אויפצובריזן און ער האָט דעריבער זיך באַמיט צו זיין פאָרזיכטיק. דעם נאָכמיטאָג איז ער פאַרבליבן אין זיין צימער מיט דעם אָנגענעמען געפיל, אַז ער ווערט געזוכט און קאָן נישט געפינען ווערן. אָבער דידאָזיקע אָפּוועזנהייט, וועלכע איז אייגנטלעך געצילט געווען קיגן איר, איז פון איר גאָרנישט אַזוי שטאַרק באַמערקט געוואָרן, פאַר עדוואַרדן דאַקעגן איז זיין אָפּוועזנהייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קוואַל פון יסורים. דאָס אָרעמע ייִנגל האָט דעם גאַנצן נאָכמיטאָג זיך געפילט אומענדלעך הילפלאָז און פאַרלוירן; מיט אַן עקשנותדיקער טריישאַפט, וועלכע ס'פאַרמאָגן קינדער, האָט ער די אַלע לאַנגע שעהן כסדר געוואַרט אויף זיין פריינט. ער וואָלט באַטראַכט פאַר אַ פאַרברעכן קעגן דער פריינטשאַפט אַוועקצוגיין, אָדער עפּעס אַליין צו טון. אומזיסט האָט ער זיך אַרומגעשלייכט איבער די קאָרידאָרן און וואָס שפּעטער ס'איז געוואָרן, אַלץ מער האָט זיך אָנגעפילט זיין האַרץ מיט אַן אומגליקלעך געפיל. אין זיין אומרויִקער פאַנטאַזיע האָבן זיך שוין געשפּינט חלומות וועגן אַן אומגליק אָדער עפּעס אַן אומבאַוואוסט באַגאַנגענער באַליידיקונג און עס האָט שוין גאַנץ ווייניק געפעלט, ער זאָל אָנהייבן וויינען פאַר אומגעדולד און שרעק.

ווען דער באַראָן איז אין אָוונט געקומען צום עסן, איז ער אויפגענומען געוואָרן אויף אַ גלענצנדן אופן. עדגאַר, נישט אַכטנדיק אויף זיין מוטערס פאַרוואונדערטע צורוקרופן און אויף דער דערשטוינונג פון די אַנדערע מענטשן, איז אים אַנטקעגנגעשפּרונגען און שטורמיש אַרומגענומען זיין ברוסט מיט זיינע מאָגערע הענטלעך. „וואו זענט איר, וואו זענט איר געווען?" האָט ער האַסטיק אויסגערופן. „מיר האָבן אייך אומעטום געזוכט". די מוטער

איז רויט געוואָרן בײַ דעמדאָזיקן נישט געוואונטשענעם אַריינרעכע־
נען זי און האָט געזאָגט גאַנץ האַרט:

„Sois sage, Edgar : Assieds toi ! " *)

(זי האָט מיט אים תּמיד גערעדט פראַנצויזיש, הגם זי האָט
זיך אין דערדאָזיקער שפּראַך נישט געפילט גאָר היימיש און
בײַ מער אויספירלעכע דערקלערונגען פלעגט זי לייכט אַריינפאַלן
אין אַ פאַרלעגנהייט).

עדגאַר האָט געפאָלגט, אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט
צו באַוואַרפן דעם באַראָן מיט פראַגן. „אָבער פאַרגעס דאָך נישט,
אַז דער הער באַראָן קאָן טון, וואָס ער וויל, אפשר לאַנגווייליקט
אים אונזער געזעלשאַפט". דאָס מאָל האָט זי זיך אַליין אַריינגע־
רעכנט און דער באַראָן האָט מיט פרייד געפילט, אַז דערדאָזיקער
פאָרוואורף איז אויסגערעכנט געווען אויף אַ קאָמפּלימענט.

דער יעגער אין אים איז וואַך געוואָרן. ער איז געווען באַ־
רוישט, אויפגעברויזט, וואָס ער האָט אַזוי גיך אָנגעטראָפן אויף
די ריכטיקע שפּורן, דאָס רויב אַזוי נאָענט געפילט פאַרן שאָס.
זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, דאָס בלוט האָט זיך לייכט געטראָגן
דורך זיינע אָדערן און די רייד האָבן זיך געגאָסן פון זיינע ליפּן
מיט אַ לייכטקייט, וועלכע ער האָט אַליין נישט פאַרשטאַנען. ער
איז געווען, ווי יעדער מענטש מיט שטאַרקע עראָטישע נייגונגען,
באַכאַמאָל אַזוי גוט, באַכאַמאָל ער אַליין, ווען ער האָט געוואוסט,
אַז ער איז געפעלן געוואָרן פרויען, אַזוי ווי טייל שוישפּילער
ווערן אָנגעצונדן ערשט דעמאָלט, ווען זיי דערשפּירן, אַז די צו־
הערער, די אָטעמענדיקע מאַסע פאַר זיי איז באַצויבערט. ער איז
שטענדיק געווען אַ גוטער, מיט פאַנטאַזיע באַגאַבטער דערציילער,
נאָר היינט — ער האָט דערווייל אויסגעטרונקען אַ פּאָר גלעזער
שאַמפּאַניער, וועלכן ער האָט באַשטעלט לכבוד דער נייער באַ־
קאַנטשאַפט — האָט ער זיך אַליין איבערגעשטיגן. ער האָט דער־
ציילט וועגן אינדישע געיעגן, וועלכע ער האָט בייגעוואוינט, זיי־

*) זיי קלוג, עדגאַר. זעץ דיך!

ענדיק צו גאַסט בײַ זײַנעם אַ פֿרײַנט, אַ הויכגעשטעלטן ענגלישן
אַריסטאָקראַט. ער האָט מיט פּיוון אויסגעקליבן דידאָזיקע טעמע,
ווײַל עס איז געווען אומדיפֿירענט און אויך צוליב דעם, ווײַל ער
האָט געשפּירט, אַז דאָס עקזאָטישע און פֿאַר איר נישט דערגרייכ=
באַרע האָט דידאָזיקע פֿרוי געדרייצט. נאָר אויב ער האָט דערמיט
עמעצן באַצויבערט, איז עס קודם=כּל געווען עדגאַר, וועמענס אויגן
האָבן געפֿלאַמט פֿאַר באַגייסטערונג. ער האָט פֿאַרגעסן צו עסן, צו
טרינקען און האָט געשלונגען די ווערטער פֿון דערציילערס ליפּן
אַראָפּ. ער האָט זיך קיינמאָל נישט צוגעגלייבט אָנצוטרעפֿן אַמאָל
אויף אַ מענטש, וואָס זאָל האָבן איבערגעלעבט די אַלע וואונדער=
לעכע זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט געלייענט אין זײַנע ביכער,
דאָס חיות=געיעג, די בּרוינע מענטשן, די הינדוסן און דאָס דזשאַ=
גערנאַט, דאָס מוראדיקע ראָד, וואָס האָט טויזנטער מענטשן באַ=
גראָבן אונטער זײַנע ציין. ביז אַהער איז אים אַפֿילו נישט געקו=
מען אין קאָפּ אַרײַן, אַז ס׳געפֿינען זיך גאָר אַזעלכע מענטשן,
פּונקט ווי ער האָט נישט געגלויבט אין די לענדער, וואָס ווערן
באַשריבן אין די מעשהלעך, און אין דער איצטיקער סעקונדע
האָט אויפֿגעוואַכט אין אים צום ערשטן מאָל עפּעס אַ שטאַרק
געפֿיל. ער האָט נישט געקענט אָפּרײַסן דעם בליק פֿון זײַן פֿרײַנט
און געגלאָצט מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם אָטעם אויף די הענט, וואָס
געפֿינען זיך דאָ אַזוי נאָענט פֿאַר אים, וועלכע האָבן געטייט אַ
טיגער. ער האָט קוים געוואַגט עפּעס צו פֿרעגן און דערבײַ האָט
זײַן שטים געקלונגען פֿיבערדיק צערייצט. זײַן באַוועגלעכע פֿאַנטאַ=
זיע פֿלעגט כּסדר די דערציילונגען פֿאַרוואַנדלען אין אַ צויבער=
האַפֿטיק בילד, ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט דעם פֿרײַנט, ווי ער
זיצט הויך אויף אַ העלפֿאַנט, אײַנגעהילט אין אַ פּורפּור=דעקע,
רעכטס און לינקס געפֿינען זיך בּרוינע מענטשן מיט טײַערע טור=
באַנען אויף די קעפּ און דאַן פּלוצלינג דעם טיגער, ווי ער שפּרינגט
אַרויס פֿון דעם וואַלד=געשטרויך מיט פֿאַרקריצטע ציין און רײַסט
זיך אַרײַן אין דעם העלפֿאַנטס טראָמבע. אַצינד דערציילט דער
באַראָן נאָך אינטערעסאַנטערע זאַכן, מיט וואָסערע תּחבולות מען
פֿאַנגט העלפֿאַנטן, ווי אַזוי מ׳פֿאַרנאַרט די יינגע, ווילדע און שטאָל=

צע מיט דער הילף פון אַלטע, אויסדרעסירטע חיות; דעם קינדס אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער. מיטאַמאָל — פאַר עדגאַרן איז דאָס געווען, ווי מ׳וואָלט אים מיט אַ מעסער געטראָפן — האָט די מאַמע פּלוצלינג אַ זאָג געטון, וואַרפנדיק אַ בליק אויפן זייגער:

„Neuf heures! Au lit!" *)

עדגאַר איז בלייך געוואָרן פאַר שרעק. דאָס געשיקט ווערן אין בעט אַריין איז פאַר אַלע קינד׳ער אַ שרעקלעך וואָרט, ווייל דאָס ווייזט בולט די קלענערע חשיבות פאַר אַ דערוואַקסענעם, דעם סימן פון דער קינדהייט, דאָס קליין-זיין, די קינדערישע שלאָף-באַדערפטיקייט. אָבער ווי שרעקלעך איז דידאָזיקע חרפה גע-ווען אין אַזאַ אינטערעסאַנטן מאָמענט, וואָרים ער איז דורכ-דעם באַרויבט געוואָרן פון צו הערן אַזעלכע אומגעווייגלעכע זאַכן.

„בלויז דאָס איינע נאָך, מאַמע, דאָס וועגן דעם העלפאַנט, בלויז דאָס לאָז מיך אויסהערן!"

ער האָט געוואָלט אָנהייבן צו בעטן, נאָר ער האָט זיך שנעל דערמאָנט וועגן זיין נייער ראָלע אַלס דערוואַקסענער. ער האָט בלויז געמאַכט נאָך איין איינציקן פּרווו. אָבער זיין מוטער איז היינט געווען עפּעס מערקווירדיק שטרענג. „ניין, ס׳איז שוין שפּעט, שפּעט, גיי שוין אַרויף אויבן! Sois sage, Edgar איך וועל דיר שוין געבן איבערדערציילן אַלע געשיכטן פונם הער באַ-ראָן".

עדגאַר האָט זיך געקווענקלט. געוויינלעך פלעגט אים די מו-טער תמיד פירן שלאָפן. אָבער ער האָט נישט געוואָלט זיך בעטן באַ איר אין דער אָנוועזנהייט פונם פרייבט! זיין קינדישער שטאָלץ האָט זיך באַמיט צוצוגעבן דעמדאָזיקן חרפהדיקן אַוועקגיין אַן אויס-זען פון פרייוויליקייט.

---

*) גיין אַ זייגער! גיי שלאָפן!

„אָבער זיכער, מאַמע, דו זאָלסט מיר אַלץ דערציילן, אַלץ! דאָס וועגן דעם העלפאַנט און דאָס איבעריקע!“

„יאָ, מיין קינד“.

„און באַלד! נאָך היינט!“

„יאָ, יאָ, אָבער אַצינד גיי שלאָפן. גיי!“

עדגאַר האָט אַליין זיך געוואונדערט אויף זיך, וואָס עס איז אים געלונגען צו געבן די האַנט דעם באַראָן און זיין מאַמען, און נישט רויט צו ווערן דערביי, הגם דאָס שלוכצן האָט אים שוין געשטעקט אויבן אין דער קעל. דער באַראָן האָט אים פריינטלעך געגלעט איבערן קאָפּ און דאָס האָט אַרויסגעפּרעסט אַ שמייכל איבער זיין אָנגעצויגן געזיכט. נאָר באַלד האָט ער געמוזט איילן צו דער טיר. ווארים אַז נישט וואָלטן זיי געזען, ווי עס קייקלען זיך גרויסע טרערן איבער זיינע באַקן.

## די העלפאַנטן.

די מוטער איז נאָך געבליבן אַ לענגערע צייט אונטן מיטן באַראָן באַם טיש, נאָר זיי האָבן שוין נישט מער גערעדט וועגן העלפאַנטן און געיעגן. עפּעס אַ שטילע געדעמפּטקייט, אַ שנעל אויפפלאַטערנדיקע פאַרלעגנהייט איז אַריינגעטרעטן אין זייער געשפּרעך, זינט דאָס יינגל איז פון זיי אַוועק. ענדלעך זענען זיי אַריבערגעגאַנגען אין גרויסן זאַל אריין און האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל. דער באַראָן איז געווען פאַרפירערישער ווי תמיד, זי אַליין ווידער לייכט דערהיצט פון די עטלעכע גלעזער שאַמפּאַניער און דעריבער האָט דער שמועס שנעל אָנגענומען אַ געפערלעכן כאַראַקטער. דער באַראָן האָט אייגנטלעך נישט געקאָנט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ שיינעם, ער איז נאָר געווען יינג, און זיין טונקל-ברוינעם ענערגישן יינגלשן פּנים האָט געגלאַנצט אַ מענערישער בליק און זי איז באַצויבערט געוואָרן פון זיינע פרישע, כמעט אומהעפלעכע באַוועגונגען. זי האָט אים אַצינד זייער גערן אָנגעקוקט פון

דער נאָענט און האָט זיך מער נישט געשראָקן פאַר זיין בליק. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך אַריינגעגנבעט אין זיינע רייד אַ דרייסטקייט, וואָס האָט זי לייכט צעטומלט, עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען אַ צורירן זיך צו איר קערפּער, אַ באַרירן און ווידער אָפּלאָזן, עפּעס אַ מין אומדייטלעכע באַגערלעכקייט, וואָס האָט איר אַריינגעטריבן דאָס בלוט אין פּנים. דאַן אָבער פלעגט ער זיך ווידער צעלאַכן מיט אַ לייכט, אומגעצוואונגען יינגלשמעסיק געלעכטער און די אַלע קליינע באַגערלעכקייטן פלעגן דורכדעם באַקומען אַ כּלומרשטן אויסזען פון קינדישע שפּאַסן. טיילמאָל האָט זי געפילט, אַז זי דאַרף אויף אַ וואָרט שאַרף אָפּענטפערן, זייענדיק אָבער פון דער נאַטור קאָקעטיש, איז זי פון דידאָזיקע קליינע גלוסטונגען נאָך געוואָרן גערייצט, מער אָפּצוואַרטן. און מיטגעצויגן אין דעם דרייסטן שפּיל, האָט זי ענדלעך זאָגאַר געפּרוווט, אים נאָכצוטון. זי פלעגט צוריקוואַרפן אויף די בליקן קליינע, לייכט־שוועבנדיקע צוזאָגן, געוואָרן מער צוגעלאָזן מיט ווערטער און באַוועגונגען, זאָגאַר טאָלערירט זיין צורוקן זיך צו איר און די נאָענטקייט פון זיין שטים, וועמעס וואַרעמען, ציטערנדיקן אָטעם זי האָט טיילמאָל געשפּירט אויף די אַקסלען. אַזוי ווי אַלע שפּילער האָבן זיי פאַרגעסן אָן דער צייט און האָבן זיך אַזוי פאַרטיפט אין דעם הייסן געשפּרעך, אַז זיי זענען איבערגעשראָקן אויפגעשפּרונגען ערשט דעמאָלט, ווען עס האָט אַרום האַלבער נאַכט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן אין זאַל.

זי האָט זיך מאָמענטאַל געגעבן אַ הייב אויף, געצוואונגען פון עפּעס אַן אינסטינקטיווער שרעק, און זי האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי איז צו ווייט פאַרגאַנגען. דאָס שפּילן זיך מיט פייער איז איר אייגנטלעך נישט פרעמד געווען, נאָר אַצינד האָט איר אויפגערייצטער אינסטינקט דערשפּירט, ווי נאָענט דאָסדאָזיקע שפּיל איז שוין געווען צום ערנסט. ער האָט באַמערקט מיט שרעק, אַז זי פילט זיך שוין נישט גאַנץ זיכער מיט זיך, אַז עפּעס אין איר האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוגליטשן און דערנענטערט זיך מיט פּחד צום ווירבל. אין איר קאָפּ האָט זיך אַלץ געדרייט אין אַ ווירבל פון שרעק, פון ווייַן און הייסע ווערטער, עס איז זי באַפאַלן אַ טעמפּע, זינלאָזע מורא, יענע שרעק, וואָס זי האָט שוין אין איר

לעבן עטלעכע מאָל געפּילט אין אַזעלכע געפּערלעכע סעקונדן, נאָר קיינמאָל איז דידאָזיקע מורא נישט געווען אַזוי שווינדלדיק און מעכטיק. „אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט. ביז מאָרגן אינדערפרי“, האָט זי האַסטיק אַ זאָג געטון און געוואָלט אַנטלויפן. זי האָט געוואָלט אַנטלויפן נישט אַזוי פאַר אים, ווי פאַר דער געפאַר פון דערדאָזיקער מינוט און פאַר עפּעס אַ ניי, פרעמדאַרטיק אומזיכערקייט־געפיל אין זיך אַליין. אָבער דער באַראָן האָט איר צום אָפּשייד דערלאַנגטע האַנט פאַרהאַלטן ליבלעך, צווינגעריש און זי געקושט מיט ציטערנדיקע ליפן און נישט בלויז פון קאָרעקטקייט וועגן איין מאָל, נאָר פיר אָדער פינף מאָל, אָנהייבנדיק פון די צאַרטע פינגער־שפּיצן, ביז אַרויף צום האַנט־געלענק. דערביי איז איר אַ לייכטע קעלט דורכגעלאָפן איבערן לייב, פילנדיק דאָס קיצלען פון זיינע האַרטע וואָנסעס איבער דער האַנט־פלאַך. עפּעס אַ וואַרים און צו גלייכער צייט אַ צער־געפיל האָט זיך פון דאָרט פונאַנדערגעטראָגן מיטן בלוט איבערן גאַנצן קערפּער, אַ שרעק האָט הייס אַ שלאָג געטון און אָנגעהויבן דראָענדיק צו האַמערן איבער די שלייפן. איר קאָפּ האָט געגליט, די מורא, די זינלאָזע מורא איז אַצינד דורכגעלאָפן איבער איר גאַנצן גוף און זי האָט שנעל צוריקגעצויגן די האַנט.

„בלייבט נאָך אַ ביסל“, האָט דער באַראָן געפּליסטערט, אָבער זי האָט זיך שנעל געלאָזט גיין מיט אַן אומגעשיקטער האַסטיקייט, וועלכע האָט בולט געגעבן צו דערקענען איר מורא און צעטומלטקייט. אין איר איז אַצינד געווען די אויפגעברויזטקייט, צו וועלכער דער באַראָן האָט געצילט, זי האָט געפילט, ווי אַלץ אין איר איז געוואָרן צונויפגעפּלאָנטערט. עס האָט זי געטריבן פון דאַנען אַ גרויזאַם־פּייניגנדיקע מורא, אַז דער מאַן הינטער איר קאָן איר נאָכלויפן און זי כאַפּן, אָבער גלייכצייטיק, נאָך בעתן אַנטלויפן, האָט זי שוין געשפּירט אַ באַדויערן, וואָס ער האָט עס נישט געטון. אין דערדאָזיקער שעה האָט געקאָנט געשען דאָס, נאָך וועלכן זי האָט שוין זינט יאָרן אומבאַוואוסטזיניק געבענקט, די אַוואַנטורע, וועמעס נאָענטן הויך זי האָט תאווהדיק געליבט און פון וועלכער זי פלעגט תמיד אין לעצטן מאָמענט אַנטלויפן;

ס'האָט געקענט אַצינד געשען דאָס גרויסע און געפערלעכע, נישט בלויז דער צייטווייליקער און אויפרייצנדיקער פלירט. אָבער דער באַראָן איז געווען צו שטאָלץ, אָנצוכאַפּן זיך מיט געוואַלט אָן אַ גינסטיקן מאָמענט. ער איז צו זיכער געווען אין זיין זיג, אַז ער זאָל דידאָזיקע פרוי נעמען רויבעריש אין אַ שוואַכער מינוט, אַ וויין־פאַרשיכורטע; פאַרקערט, דעם געניטן שפּילער ציט נאָר דער קאַמף און דאָס איבערגעבן זיך באַם פולן באַוואוסטזיין. אַנטרינען פון אים האָט זי שוין נישט געקענט. דער הייסער גיפט, דאָס האָט ער באַמערקט, האָט שוין געברויזט אין אירע אָדערן.

אויבן אויף די שטיגן איז זי שטיין געבליבן, צודריקנדיק די האַנט צום צאַפּלענדיקן האַרץ. זי האָט זיך געמויזט אָפּרוען אַ סעקונדע. אירע נערוון זענען געווען צעשרויפט. פון איר ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ זיפץ, האַלב מיט באַרויקונג, וואָס זי איז נצול געוואָרן פון אַ געפאַר, האַלב מיט באַדויערן; נאָר דאָס אַלץ איז געווען מטושטשדיק און איז שווינדלדיק־שנעל דורכגעלאָפן און זיך פאַרלוירן אין איר בלוט. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ווי אַ פאַרשכורטע, האָט זי זיך געשלייכט צו איר טיר און זי האָט לייכט אָפּגעעטעמט, ווען זי האָט אָנגענומען דאָס קאַלטע טיר־הענטל. אַצינד ערשט האָט זי זיך געפילט אין זיכערקייט!

זי האָט שטיל צוגעמאַכט די טיר אין צימער און באַלד אין דער צווייטער סעקונדע איז זי דערשראָקן אָפּגעשפּרונגען. עס האָט זיך עפּעס־וואָס אַ ריר געטון אין צימער, גאַנץ אין הינטערגרונט אין דער פינסטערניש. אירע אויפגערעגטע נערוון האָבן שאַרף אויפגעציטערט, זי האָט שוין געוואָלט אָנהייבן רופן נאָך הילף, מיטאַמאָל אָבער האָט זיך געלאָזט הערן פון דאָרט אַ שטילע, שלאָף־באַטרונקענע שטים:

„ביסטו עס, מאַמע?"

„אום גאָטס ווילן, וואָס טוסטו דאָ?"

זי איז צוגעלאָפן צום דיוואַן, וואו עדגאַר איז געלעגן אַ צוזאַמענגעקנוילטער און האָט זיך אַצינד אויפגעריסן פון שלאָף. איר ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז דאָס קינד איז אוודאי קראַנק, אָדער עס נייטיקט זיך אין הילף.

נאָר עדגאַר האָט געזאָגט, גאַנץ פאַרשלאָפן נאָך און מיט אַ שטילן פאָרוואורף: „איך האָב געוואַרט אויף דיר אַזוי לאַנג, ביז איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן.“

„אָבער צוליב וואָס?“

„צוליב די העלפאַנטן“.

„וואָס פאַר אַ העלפאַנטן?“

אַצינד ערשט האָט זי זיך משער געווען. זי האָט דעם קינד צוגעזאָגט אַלץ צו דערציילן, הייַנט נאָך, וועגן דעם חיות-געיעג און די אַנדערע פּאַסירונגען. און דערפאַר האָט זיך דאָס ייִנגל אַרייַנגעגנבעט אין איר צימער, דאָסדאָזיקע תמימותדיקע, קינדישע ייִנגל, און מיט אַ זיכערן צוטרוי געוואַרט, ביז זי וועט קומען און איז דערווייל אַנטשלאָפן געוואָרן. דידאָזיקע משונהדיקע האַנדלונג האָט זי אַרייַנגעבראַכט אין כּעס, נאָר אייגנטלעך איז זי אין כּעס געווען אויף זיך אַליין, זי האָט געפילט אין זיך אַ שטיל פּליסטערן פון שולד און חרפּה, וועלכעס זי האָט געוואָלט פאַרשרייַען. „גיי די מינוט אין בעט אַרייַן, דו צעלאָזעבער ייִנג“, האָט זי אָנגעשריגן אויף אים. עדגאַר האָט זי אָנגעקוקט מיט דערשטוינונג. פאַרוואָס איז זי אַזוי אין כּעס אויף אים, ער האָט דאָך קיין זאַך נישט געטון? אָבער דאָסדאָזיקע וואונדערן זיך האָט זי, וואָס איז שוין אַזוי אויך געווען אויפגערעגט, נאָך מער גערייצט. „גיי די מינוט אין דייַן צימער אַרייַן“, האָט זי אויסגעשריגן מיט צאָרן, ווייל זי האָט געפילט, אַז זי טוט אים אַן אומרעכט. עדגאַר איז אַוועקגעגאַנגען, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. ער איז אייגנטלעך געווען שרעקלעך מיד און דורך דעם דריקנדיקן נעפּל פון שלאָף האָט ער בלויז טעמפּ געפילט, אַז זייַן מוטער האָט איר צוזאָג נישט געהאַלטן ז־־ אַז מ'האָט אים עפּעס אויף אַ געוויסן אופן שלעכט באהאַנדלט. אָבער ער האָט זיך נישט אָקעגנגעשטעלט. אַלץ אין אים איז געווען טעמפּ צוליב דער מידקייט: דערצו נאָך איז ער אומצופרידן געווען מיט זיך, וואָס ער איז דאָ אַנטשלאָפן געוואָרן, אָנשטאָט צו וואַרטן וואַכערדיי. „פּונקט אַזוי ווי אַ קליין קינד“, האָט ער ביז אַרויסגעמורמלט צו זיך אַליין, איידער ער איז ווידער פאַרזונקען געוואָרן אין שלאָף.

וואָרים פון דעם נעכטיקן טאָג אָן האָט ער געשפּירט אַ שנאה צו זיין אייגענער קינדהייט.

## מחלוקות.

דער באַראָן איז שלעכט געשלאָפן. עס איז תמיד געפערלעך שלאָפן צו גיין נאָך אַן איבערגעריסענער אַוואַנטורע: אַן אומרויקע, מיט דריקנדיקע חלומות דורכגעפלאָכטענע נאַכט האָט אויפגעוועקט אין אים אַ חרטה, וואָס ער האָט נישט אויסגענוצט דעם מאָמענט אויף אַן אַנטשלאָסענעם אופן. ווען ער איז צומאָרגנס, אַ פאַרוואָלקנטער נאָך פון שלאָף און אומצופרידנקייט, אַראָפּגעקומען, איז אים דאָס ייִנגל אַנטקעגנגעשפּרונגען פון אַ באַהעלטעניש אַרויס, מיט באַגייסטערונג אים אַרומגענומען מיט די הענט און אָנגעהויבן אים צו מאַטערן מיט אָן אַ שיעור פראַגן. ער האָט זיך געפילט גליקלעך, וואָס ער האָט ווידער געקריגן זיין גרויסן פריינט אויף אַ ווײַלע און באַדאַרף זיך נישט טיילן מיט דער מוטער. נאָר אים אַליין זאָל ער דערציילן, נישט דער מאַמען, איז ער צו אים צוגעשטאַנען, וואָרים זי האָט אים, נישט קוקנדיק אויפן צוזאָג, קיין זאַך נישט איבערדערציילט פון די אַלע וואונדערלעכע זאַכן. ער האָט פאַרוואָרפן מיט אָן אַ שיעור קינדישע באַלעסטיקונגען דעם אומאָנגענעם אויפציטערנדיקן באַראָן, וואָס האָט זיין שלעכטע שטימונג נישט געקאָנט איינגאַנצן פאַרבאָרגן. מיט דידאָזיקע פראַגן האָט ער זיך באַמיט אַרויסצוווייזן זיין שטאַרקע ליבע, גליקלעך דערמיט, וואָס ער איז מיט דעם לאַנג-געזוכטן און פון פרימאָרגן אָן דערוואַרטן פריינט ווידער אַליין.

דער באַראָן האָט געענטפערט אָנגעברוגזט. דאָסדאָזיקע שטענדיקע באַכלויערן פונם קינד, די אומאינטערעסאַנטע פראַגן און איבערהויפּט די נישט-געוואונשענע ליידנשאַפט האָט אים אָנגעהויבן צו לאַנגווייליקן. ער איז מיד געוואָרן אַרומצוגיין טאָג איין טאָג

אויס מיט אַ צוועלף־יעריק קינד און צו פֿלוידערן נאַרישקייטן. אים איז אַצינד געגאַנגען אין דעם, דאָס הייסע אייזן צו שמידן און די מוטער צו קריגן אַליין, און דאָס איז אַצינד, צוליב דעם קינדס אַנוועזנהייט, אויסגעוואַקסן צו אַ פּראָבלעם. עס האָט אים באַהערשט אַן אומצופרידנקייט מיט דער דזשאָזיקער אומפּאָרזיכטיק־אויפגעוועקטער ליידנשאַפט, וואָרים פּאַרלייפיק האָט ער נישט געזען קיין מיטל, ווי אַזוי פריי צו ווערן פונם דאָזיקן צופיל איבערגעגעבענעם פריינט.

דאָך: עס איז דערגאַנגען צו אַ פּרווו. ביז צען אַ זייגער, די שעה, אויף וועלכער ער האָט געהאַט אָפּגערעדט מיט דער מוטער אַ שפּאַציר צו מאַכן, האָט ער דעם יינגל געלאָזט שיטן מיט אַ מבול פון רייד, אויף וועלכע ער האָט גאָר קיין אַכט נישט געלייגט. בלויז כדי אים נישט צו באַליידיקן, פלעגט ער אים פון צייט צו צייט צווואַרפן עטלעכע ווערטער, דורכבלעטערנדיק אָבער גלייכצייטיק די צייטונג. ענדלעך, ווען דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן צען, האָט ער, ווי פלוצלינג דערמאַנענדיק זיך, געבעטן עדגאַרן, ער זאָל פאַר זיינעטוועגן אַריבערגיין אין אַנדערן האָטעל בלויז אויף איין מינוט און זאָל דאָרט נאָכפרעגן, אויב דער גראַף גרונדהיים, זיינס אַ קוזין, איז שוין אָנגעקומען. דאָס תמימותדיקע קינד, גליקלעך דערמיט, וואָס עס האָט ענדלעך אַ געלעגנהייט נוצלעך צו זיין מיט עפּעס פאַר זיין פריינט און שטאָלץ מיט דער ראָלע אַלס שליח, איז מאָמענטאַל אויפגעשפּרונגען פון אָרט און זיך געלאָזט לויפן, ווי אַ משוגענער, אַז מענטשן האָבן אים פאַרוואונדערט נאָכגעקוקט. אים איז אָבער געגאַנגען אין דעם, צו ווייזן, ווי פלינק ער איז, ווען מען פאַרטרויט אים אַן אַ שליחות. דער גראַף, אַזוי האָט מען אים דאָרט געזאָגט, איז נאָך נישט אָנגעקומען, ער האָט ביז אַצינד אפילו גאָרנישט געמאָלדן וועגן זיין אָנקומען. מיט דער דאָזיקער ידיעה האָט ער זיך ווידער געלאָזט שטורמיש לויפן צוריק. נאָר דער באַראָן איז שוין נישט געווען אין זאַל. ער האָט אָנגעקלאַפּט אָן דער טיר פון זיין צימער, — אומזיסט! אַ באַאומרויקטער האָט ער זיך געלאָזט לויפן איבער אַלע זאַלן, אין מוזיק־צימער און אין קאַפע־הויז, דערנאָך איז ער אַן אויפגע־

דעגטער אַוועק צו זיין מאַמען, כדי זיך נאָכצופרעגן, אָבער ער האָט זי אויך נישט געטראָפן. דער פּאַרטיער, צו וועלכן ער האָט זיך ענדלעך געווענדט אין פאַרצווייפלונג, האָט אים צו זיין גרויסער איבערראַשונג געזאָגט, אַז זיי זענען מיט עטלעכע מינוט צוריק אַוועקגעגאַנגען ביידע צוזאַמען!

עדגאַר האָט געדולדיק געוואַרט. זיין פּשטות האָט נישט דער־לאָזט אין אים דעם חשד וועגן עפּעס שלעכטס. זיי וועלן זיך פאַר־זוימען בלויז אַ קורצע צייט, דערין איז ער געווען זיכער. דער באַראָן דאַרף דאָך וויסן אַן ענטפער. נאָר די צייט האָט ברייט אויסגעשטרעקט אירע שעהן און אין זיין האַרץ האָט זיך פאַרגנבעט אַן אומרויקייט. איבערהויפּט, פון דעם טאָג אָן, זינט דערדאָזיקער פרעמדער, פאַרפירערישער מענטש איז אַריינגעדרונגען אין זיין קליינעם תמימותדיקן לעבן איז דאָס קינד גאַנצע טעג געווען אָנ־געצויגן, צערייצט און צעטומלט. אין אַזאַ פיינעם אָרגאַניזם, ווי ס׳פאַרמאָגן קינדער, דריקט יעדע ליידנשאַפט אָפּ אירע שפּורן, ווי אין ווייכן וואַקס. עס האָט זיך צו אים צוריקגעקערט דאָס נערוועזע ציטערן פון די אויגן־הייטלעך, ער האָט אָנגעהויבן אויסצוזען בלייכער. עדגאַר האָט געוואַרט און געוואַרט, צוערשט געדולדיק, דערנאָך ווילד אויפגערעגט און ענדלעך שוין נאָענט צו וויינען. אָבער חושד געווען אין עפּעס שלעכטס האָט ער נאָך אַלץ נישט. צוליב זיין בלינדן צוטרוי צו דעמדאָזיקן וואונדערלעכן פריינט האָט ער געגלייבט, אַז עס איז פאַרגעקומען עפּעס אַ מיספאַרשטענדניש, און עס האָט אים געפייניקט אַ געהיימע שרעק, אַז ער האָט אפשר דעם אויפטראַג פאַלש פאַרשטאַנען.

ווי מאָדנע איז עס אים אָבער פאַרגעקומען, בעת ער האָט זיי ענדלעך דערזען צוריק אָנקומען. זיי האָבן פריילעך געפּלוידערט און נישט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַרוואונדערונג. עס האָט אויס־געזען ווי זיי וואָלטן נישט געלייגט קיין באַזונדערע אַכט אויף זיין אָפּוועזנהייט: „מיר זענען דיר אַקעגנגעגאַנגען, עדי, ווייל מיר האָבן גערעכנט דיך צו טרעפן אויפן וועג", האָט דער באַראָן גע־זאָגט, גאָרנישט נאָכפרעגנדיק זיך וועגן דעם אויפטראַג. און ווען דאָס קינד, דערשראָקן דערפון, אַז זיי האָבן אים אפשר אַרומגע־

זוכט אומזיסט, האָט אָנגעהויבן צו פאַרזיכערן, אַז ער איז געגאַנגען גלייך מיטן וועג און זיך נאָכגעפרעגט, מיט וועלכער ריכטונג זיי זענען געגאַנגען, האָט די מאַמע פלוצלינג שאַרף איבערגעריסן דאָס געשפּרעך. „שוין גוט, שוין גוט! קינדער דאַרפן נישט אַזוי פיל רעדן”.

עדגאַר איז פון ערגערניש רויט געוואָרן. דאָס האָט זי שוין צום צווייטן מאָל זיך באַמיט אויף אַזאַ נידערטרעכטיקן אופן אים צו דערנידעריקן פאַר זיין פריינט. פאַרוואָס טוט זי דאָס, פאַרוואָס באַמיט זי זיך תּמיד, אים פאָרצושטעלן אַלס קינד, וואָס אין דער אמתן — ער איז דערין געווען איבערצייגט — איז ער עס שוין נישט מער? משמעות, זי איז אים מקנא מיט זיין פריינט און זי זוכט מיטלען, אים איבערצוציען אויף איר זייט. יאָ, און דאָס האָט זי מסתּמא הייַנט בכּיוון אַוועקגעפירט דעם באַראָן אויף אַ פאַלשן וועג. אָבער ער וועט זיך פון איר נישט לאָזן אַזוי באַליידיקן. דאָס וועט זי זען. ער האָט שוין געוואָלט זיך איר אַקעגנשטעלן. און ער האָט באַשלאָסן, הייַנט באַם טיש קיין איין וואָרט נישט צו רעדן מיט איר, נאָר מיט זיין פריינט אַליין.

אָבער דאָס איז געוואָרן פאַר אים שווער צום אַריבערטראָגן. עס איז געשען אַזוינס, וואָס ער האָט ווייניקער פאַר אַלץ דערוואַרט: מען האָט זיין ברוגז גאָרנישט באַמערקט. נאָכמער, עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן אים בכּלל גאָרנישט באַמערקט, אים, וואָס איז נעכטן נאָך געווען דער מיטל-פונקט פון זייערע שמועסן! זיי האָבן ביידע געשמועסט, נישט באַמערקנדיק אים, געשפּאַסט און געלאַכט, גלייך ווי ער וואָלט זיך גאָרנישט געפונען ביים טיש. דאָס בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין, אין דער קעל האָט זיך פאַרקליבן אַ קנויל, וואָס האָט אים געשטיקט דעם אָטעם. ער האָט מיט שרעק דערפילט זיין מוראדיקע מאַכטלאָזיקייט. זאָל ער הייסט עס דאָ אַזוי רויק זיצן און צוקוקן, ווי זיין מוטער נעמט בײַ אים אַוועק זיין פריינט, דעם איינציקן מענטש, וועלכן ער ליבט און זאָל זיך נישט קענען ווערן מיט קיין אַנדערע זאַך, ווי נאָר מיט שווייגן? ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער מוז אויפשטיין

און אָנהייבן פּלוצלינג קלאַפּן מיט ביידע פויסטן אין טיש. בלויז נאָר, אַז זיי זאָלן אים באַמערקן. נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטן, ער האָט בלויז אַוועקגעלייגט גאָפּל-מעסער און זיך נישט צוגע-רירט צו קיין ביסן. אָבער אויך דאָסדאָזיקע עקשנותדיקע פאַסטן האָבן זיי אַ לאַנגע צייט נישט באַמערקט, ערשט ביים לעצטן גע-ריכט איז די מוטער געוואָרן אויפמערקזאַם דערויף און זי האָט געפרעגט, אויב ער פילט זיך עפּעס נישט געזונט. ווי דערעסן דאָס איז, האָט ער זיך געטראַכט, תּמיד קלערט זי נאָר וועגן דעם איינעם, אויב איך בין נישט קראַנק, ווייטער גייט זי גאָרנישט אָן. ער האָט גאָרנישט אָפּגעענטפערט, אַז ער וויל נישט עסן און זי האָט זיך דערמיט באַנוגנט, מיט גאָרנישט, מיט קיין זאַך האָט ער נישט געקענט געווינען זייער אויפמערקזאַמקייט. דער באַראָן האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אָן אים גאָר פאַרגעסן, יעדנפאַלס, ער האָט זיך קיין איינמאָל נישט געווענדט צו אים מיט קיין וואָרט. פון זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן פליסן טרערן אַלץ הייסער און הייסער און ער האָט געמוזט אָנווענדן זיין גאַנצע קינדישע גע-שיקטקייט, שנעל אויפצוהייבן די סערוועטע, איידער ס'האָט עמע-צער באַמערקט, ווי די טרערן זענען גערונען איבער זיינע באַקן און האָבן אים זאַלציק באַנעצט די ליפּן. ער האָט אויפגעאָטעמט ערשט, ווען דאָס עסן האָט זיך געענדיקט.

בשעת דעם מאָלצייט האָט זיין מוטער פאָרגעלייגט צו פאָרן אויף אַ וואָגן קיין מאַריאַ-שוץ. עדגאַר האָט דאָס אויסגעהערט מיט פאַרביסענע ליפּן. זי האָט אים, הייסט עס, שוין נישט געוואָלט לאָזן אַפילו אויף איין מינוט אַליין מיט זיין פריינט. אָבער זיין שנאה האָט ערשט ווילד אויפגעפלאַמט, בעת זי האָט אים באַם אויפשטיין פון טיש געזאָגט: „עדגאַר, דו וועסט דאָך אַלץ פאַר-געסן, וואָס דו האָסט געלערנט אין שול, דו דאַרפסט אַמאָל בלייבן אינדערהיים, כדי אַ ביסל איבערצוחזרן!" ער האָט ווידער צונויפ-מענגעקנוילט זיין קליינע, קינדערישע פויסט. תּמיד וויל זי אים דערנידעריקן פאַר זיין פריינט, זי וויל שטענדיק עפנטלעך אַרויס-ווייזן, אַז ער איז נאָך אַ קינד, אַז ער מוז נאָך גיין אין דער שול און צווישן דערוואַקסענע ווערט ער בלויז נאָר טאָלערירט. דאָסמאָל

אבער איז איר כוונה געווען פאר אים צו קלאר. ער האט גארנישט געענטפערט, נאר פשוט זיך אפגעקערט פון איר.

„אהא, ווידער באליידיקט”, האט זי געזאגט מיט א שמייכל, דעריבער צום באראן: „וואלט דאס טאקע געווען אן עוולה, ווען ער זאל אמאל זיך לערנען א שעה צייט?” און מיטאמאל — אין קינדס הארץ איז עפעס געווארן קאלט און פארגליווערט — רופט זיך אן דער באראן, ער, וואס האלט זיך פאר זיין פריינט, ער, וואס האט חוזק געמאכט פון אים, אז ער איז א שטוב-זיצער: „נו, א שעה אדער צוויי קאן טאקע נישט שאדן”.

איז דאס געווען אפגעשמועסט בא זיי? האבן זיי זיך ווירקלעך ביידע פארייניקט קעגן אים? אין קינדס בליק האט אויפגעפלאמט א צארן. „מיין פאפא האט פארווערט, אז איך זאל דא לערנען, פאפא וויל, אז איך זאל דא מיין געזונט פארבעסערן”, האט ער ארויסגעשליידערט מיטן גאנצן שטאלץ אויף זיין קראנקהייט, פארצווייפלט אנקלאמערנדיק זיך אן דעם ווארט, אן דער אויטאריטעט פון זיין פאטער. ער האט עס אויסגערופן, ווי א התראה. און מערקווירדיק: דאסדאזיקע ווארט האט אפנים ארויסגערופן בא זיי אן אומאנגענעם געפיל. די מוטער האט אוועקגעקוקט און האט בלויז נערוועז געפויקט מיט די פינגער אן טיש. א פיינלעך שטילשווייגן איז אריינגעטרעטן צווישן זיי. „ווי דו ווילסט, עדי”, האט ענדלעך געזאגט דער באראן מיט א געצוואונגענעם שמייכל. „איך דארף שוין נישט האלטן קיין שום עקזאמען, איך בין שוין לאנג בא אלע דורכגעפאלן.”

אבער עדגאר האט פון שפאס נישט געשמייכלט, ער האט אים נאר אנגעקוקט מיט א פארשנדיקן, גיריק-ארייננדרינגערישן בליק, גלייך ווי ער וואלט אים געוואלט ביז אין דער נשמה ארייננדרינגען. וואס קומט דא פאר? עס האט זיך עפעס געענדערט צווישן זיי, און דאס קינד האט נישט געוואוסט פארוואס. זיינע אויגן האבן אנגעהויבן אומרויק ארומצובלאנקען. אין זיין הארץ האט אנגעהויבן צו קלאפן א קליינער, האסטיקער האמער: דער ערשטער חשד.

# דער ברענענדיקער סוד.

„וואס האט זיי אזוי פארענדערט?" האט דאס קינד געטראכט, זיצנדיק קייגנאיבער זיי אין וואגן. „פארוואס באציען זיי זיך צו מיר שוין נישט אזוי ווי פריער? פארוואס מיידט די מאמע תמיד אויס מיין בליק, ווען איך קוק זי אן? פארוואס באמיט ער זיך גאר שטענדיק צו וויצלען און צו מאכן אן אנשטעל פון א לץ? ביידע רעדן זיי שוין נישט צו מיר, אזוי ווי נעכטן און אייערנעכטן, מיר דאכט זיך שיער אויס, גלייך זיי וואלטן באקומען אנדערע פנימער. די מאמע האט היינט אזעלכע רויטע ליפן, זי האט זיי מסתמא געפארבט. דאס האב איך בא איר קיינמאל נישט באמערקט, און ער רינצלט כסדר דעם שטערן, ווי ער וואלט געווען באליידיקט. איך האב דאך זיי גארנישט געטון, קיין ווארט נישט געזאגט, וואס זאל זיי קענען פארדריסן? ניין, נישט איך בין דא די סיבה דערפון, ווארים זיי אליין זענען צווישנאנאנדער גאר אנדערש ווי פריער. זיי זעען אויס אזוי, ווי זיי וואלטן אפגעטון עפעס א זאך, וועגן וועלכער זיי האבן מורא צו רעדן. זיי פלוידערן שוין נישט מער, אזוי ווי נעכטן, זיי לאכן נישט. זיי געפינען זיך עפעס אין א פארלעגנהייט, זיי פארבארגן עפעס. עס שטעקט צווישן זיי עפעס א סוד, וועלכן זיי ווילן פאר מיר באהאלטן. א סוד, וועלכן איך מוז דערגיין פאר יעדן פרייז. איך פארשטיי שוין, עס מוז אוודאי זיין דאס אייגענע, וואס זיי פארהוילן תמיד פאר מיר, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין די ביכער און אין די אפערן, ווען די מענער און די פרויען שטייען איינער קייגנאיבער דעם אנדערן מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס און זינגען, נעמען זיך ארום און שטויסן זיך אפ. עס מוז עפעס זיין דאס אייגענע, ווי ס'איז געווען מיט מיין פראנצויזישער לערערין, וועלכע האט דעם פאפא אזוי שלעכט באהאנדלט און מען האט

איר אָפּגעזאָגט. דידאָזיקע אַלע זאַכן האָבן אַ שייכות צווישן זיך, דאָס ווייס איך, אָבער איך ווייס נאָר נישט אויף וואָס פאַר אַן אופן. אָ, דאָסדאָזיקע צו דערגיין, ענדלעך עס צו וויסן, דעמדאָזיקן סוד, אים אָנצוקריגן, דעמדאָזיקן שליסל, וועלכער עפנט אַלע טירן, נישט מער צו זיין אַ קינד, פאַר וועלכן מ'פאַרבאָרגט און מ'פאַרהוילט אַלץ, נישט צו לאָזן זיך מער פאַרפירן און אָפּנאַרן. אַצינד אָדער קיינמאָל נישט! איך מוז אים באַ זיי אַרויסקריגן, דעמדאָזיקן שרעקלעכן סוד". אין זיין שטערן האָט זיך אויסגעגראָבן אַ קנייטש, דאָס מאָגערע, צוועלף־יעריקע ייִנגל האָט אויסגעזען כמעט, ווי אַן אַלטער מאַן, בעת ער איז אַזוי געזעסן פאַרזונקען אין מחשבות, נישט וואַרפנדיק קיין איינציקן בליק אויף דער אַרומיקער לאַנדשאַפט, וועלכע איז געלעגן איינגעהילט אין העלע פאַרבן, די בערג אין זייער געלייטערטער גרינקייט פון די סאָסנע־וועלדער, די טאָלן אין דעם צאַרטן גלאַנץ פונם פאַרשפעטיקטן פרילינג. ער האָט נאָר כסדר געקוקט אויף די ביידע, וועלכע זענען געזעסן קעגנאיבער אים אויף דעם הינטערשטן זיץ־פלאַץ אין וואָגן, גלייך ווי ער וואָלט מיט זיינע פייערדיקע בליקן געקאָנט אַרויסרייסן, אַזוי ווי מיט אַ פאַנג־האַקן, דעם סוד אויס דער פינקלענדיקער טיפעניש פון זייערע אויגן. קיין זאַך איז נישט בכוח אַזוי צו פאַרשאַרפן די אינטעליגענץ, ווי אַ ליידנשאַפטלעכער חשד, קיין זאַך אַנטוויקלט נישט אַזוי אַלע מעגלעכקייטן פון אַן אומרייפן אינטעלעקט, ווי אַ שפור, וועלכער פאַרלירט זיך אין אומקלאָרקייט. טיילמאָל איז עס מער נישט, ווי אַן איינציקע דינע טיר, וואָס טיילט אָפּ קינדער פון דער וועלט — פון דער, וואָס מיר רופן אָן די ווירקלעכע — און אַ צופעליקער ווינט־בלאָז רייסט זי פאַר זיי אויף.

עדגאַר האָט מיטאַמאָל זיך דערפילט צו דעמדאָזיקן אומבאַקאַנטן גרויסן סוד אַזוי אָנטאַפּנדיק־נאָענט, ווי נאָך קיינמאָל נישט, ער האָט עס געשפּירט האַרט פאַר זיך, אמת, נאָך פאַרשלאָסן און נישט אויפגעקלערט, אָבער נאָענט, גאַנץ נאָענט. דאָס האָט אים אויפגעברויזט און אָנגעוואָרפן אויף אים דידאָזיקע פלוצלינגדיקע, פייערלעכע ערנסטקייט. וואָרים אומבאַוואוסטזיניק האָט ער גע־

שפירט, אַז ער שטייט שוין באַם סוד פון זיין קינדהייט.

די ביידע, וואָס זענען געזעסן קייגנאיבער אים, האָבן געפילט פאַר זיך עפּעס אַן אומדייטלעכן ווידערשטאַנד, נישט אָנענדיק, אַז דערדאָזיקער ווידערשטאַנד קומט אַרויס פונם ייִנגל. זיי האָבן זיך געפילט אומבאַקוועם און געשטערט, וואָס זיי געפינען זיך זאַלבעדריט אין וואָגן. די צוויי קייגנאיבערדיקע אויגן מיט דעם טונקעלן גלאַנץ, וואָס שטאַמט פון דעם אינעווייניק פלאַקערנדיקן פייער, האָט באַ זיי גערויבט דאָס פרייע באַוועגן זיך. זיי האָבן קוים געוואַגט צו רעדן, קוים אַ בליק צו וואַרפן. זיי האָבן שוין נישט געקאָנט צוריק-געפינען דעם וועג צו זייערע פריערדיקע לייכטע, געזעלשאַפט-שמועסן. שוין צופיל זענען זיי געווען פאַרשפינט אין דעם טאָן פון וואַרעמער אינטימלעכקייט, אין יענע געפערלעכע ווערטער, אין וועלכע די שמייכלהאַפטיקע צעלאָזנקייט ציטערט שוין מיט סודותדיקע לייב-באַרירונגען. זייער געשפּרעך האָט זיך אַלעמאָל אָפּגעריסן און פאַרהאַלטן. עס איז שטיין געבליבן, זיך ווידער אָנגעהויבן, אָבער עס האָט זיך כסדר שטרויכלענדיק 'ן' אָנגעשטויסן אָן דעם קינדס פאַרעקשנטן שטילשווייגן.

זיין פאַרביסן שטילשווייגן איז געוואָרן אַ שווערע לאַסט הויפּטזעכלעך פאַר דער מוטער. זי האָט אים פאַרזיכטיק אָנגעקוקט פון דער זייט און איז דערשראָקן געוואָרן, באַמערקנדיק פלוצלינג צום ערשטן מאָל אָן דעם אופן, ווי אַזוי דאָס קינד האָט פאַרביסן די ליפּן, אַן ענלעכקייט צו איר מאַן, בעת ער פלעגט זיין צערייצט אָדער געערגערט. עס האָט זי באַהערשט אַן אומאָנגענעם געפיל, זי מוז טראַכטן וועגן איר מאַן גראָד אַצינד, בעת זי קלויבט זיך אין באַהעלטעניש צו פאַרווײַלן מיט אַ ליבעס-אַוואַנטורע. דאָס קינד קייגנאיבער איר מיט זיינע שוואַרצע, אומרויִקע אויגן און מיט דעם באַכלויערדיקן אויסדרוק הינטער זיין בלאַסן שטערן האָט זיך איר אויסגעוויזן, ווי אַ געשפּענסט, ווי אַ וועכטער פון געוויסן, וועלכער איז געווען טאָפּלט אומדערטרעגלעך דאָ, אין דער וואָגן-ענגקייט. מיטאַמאָל האָט עדגאַר אויפגעהויבן זיין בליק און געקוקט אַ מינוט לאַנג. און פלוצלינג האָבן ביידע צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

זיי האָבן דערשפּירט, אַז זיי קוקן זיך נאָך איינער דעם אַנדערן, צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן. ביז אַצינד האָבן זיי זיך באַצויגן צו אַנאַנדער מיט אַ בלינדן צוטרוי, איצט אָבער איז עפּעס אַריינגעטרעטן צווישן מוטער און קינד; צווישן איר און אים איז פּלוצלינג עפּעס פאַרענדערט געוואָרן. צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַאָבאַכטן איינער דעם אַנדערן, אָפּצוטיילן פונאַנדער זייערע גורלות, ביידע שוין אָנגעפילט מיט אַ שטילער קעגנזייטיקער שנאה, וועלכע איז אָבער געווען נאָך צו ניי, אַז זיי זאָלן שוין וואַגן זיך אָפּצוגעבן אַ רעכנונג דערפון.

אַלע דריי האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען די פערד האָבן זיך ווידער אָפּגעשטעלט פאַרן האָטעל. עס איז געווען אַ נישט-געלונגענער אויספלוג, אַלע האָבן עס געפילט און קיינער האָט נישט געוואַגט עס אַרויסצוזאָגן. עדגאַר איז אַרויסגעשפּרונגען דער ערשטער. זיין מוטער האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז זי האָט קאָפּ-ווייטיק און איז שנעל אַרויף צו זיך אין צימער. זי איז געווען מיד און האָט געוואָלט זיין אַליין. עדגאַר מיטן באַראָן זענען געבליבן. דער באַראָן האָט באַצאָלט דעם קוטשער, אַ קוק געטון אויפן זייגער און זיך געלאָזט גיין צום זאַל, נישט אומקוקנדיק זיך אפילו אויפן יינגל. ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר אים מיט זיין פיינעם, שלאַנקן רוקן, מיט דעמדאָזיקן ריטמיש-לייכטן, וויגנדיקן גאַנג, פון וועלכן דאָס קינד איז געווען אַזוי באַצויבערט, און וועלכן עס האָט שוין נעכטן געפּרוווט נאָכצומאַכן. ער איז פאַרבייגעגאַנגען, פּשוט פאַרבייגעגאַנגען. ער האָט אפנים אינגאַנצן פאַרגעסן אָן יינגל און האָט אים געלאָזט שטיין לעבן קוטשער, לעבן די פערד, גלייך ער וואָלט מיט אים גאָר קיין שום שייכות נישט געהאַט.

אין עדגאַרן האָט זיך עפּעס, ווי אויף צוויייען צעריסן, בעת ער האָט אים געזען אַזוי פאַרבייגיין, אים, וועמען ער האָט, נישט קוקנדיק אויף אַלעם, נאָך אַלץ געליבט, ווי אַן אָפּגאָט. פון זיין האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פאַרצווייפלטער זיפץ, בעת דער באַראָן איז אַזוי פאַרבייגעגאַנגען, נישט אָנרירנדיק אים אַפילו מיטן מאַנטל, נישט זאָגנדיק צו אים קיין איינציק וואָרט, צו אים, וואָס

האָט זיך דאָך אין קיין שום זאַך נישט געפּילט שולדיק. די מיט־
מי־דערהאַלטענע רויקייט האָט געפּלאַצט, די קינסטלעך אויפגעהוי־
בענע לאַסט פון זיין גדלות האָט זיך אים אַראָפּגעגליטשט פון זיי־
נע קליינע אַקסלען, הכנעהדיק, ווי נעכטן און פריער. עס האָט
אים אַ ריס געטון פון אָרט קעגן זיין ווילן. מיט שנעלע, ציטערנ־
דיקע טריט איז ער נאָכגעגאַנגען דעם באַראָן, און בעת יענער
האָט שוין געוואָלט זיך לאָזן אויף די טרעפּ, האָט ער אים פאַר־
שטעלט דעם וועג און זיך געווענדט צו אים מיט אַ פאַרשטיקט קול,
קוים איינהאַלטנדיק די טרערן:

„וואָס האָב איך אייך געטון, וואָס איר קוקט זיך אויף מיר מער נישט אום? פאַרוואָס באַגייט איר זיך אַצינד מיט מיר כסדר אַזוי? און די מאַמע אויך? פאַרוואָס ווילט איר מיך תמיד נאָר אַוועקשיקן? בין איך אייך לעסטיק, אָדער האָב איך עפּעס געטון?“

דער באַראָן האָט דערשראָקן אויפגעציטערט. אין עדגאַרס שטים איז געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אים צעטומלט און ווייך געמאַכט. ער האָט געקריגן מיטלייד אויף דעם תמימותדיקן ייִנגל.

„עדי, ביסט אַ נאַר! איך בין נאָר היינט בלויז אין אַ שלעכטער שטימונג. און דו ביסט אַ וואויל ייִנגל, וועלכן איך האָב באמת ליב“.

באַ דידאָזיקע ווערטער האָט ער אים אָנגענומען באַ דער טשופּרינע און שטאַרק געטרייסלט אַהין און אַהער, גלייכצייטיק אָפּווענדנדיק עטוואָס דאָס פּנים, כדי נישט צו מוזן זען דידאָזיקע, גרויסע, פייכטע, בעטנדיקע קינדער־אויגן. די קאָמעדיע, וועלכע ער האָט געשפּילט, האָט אים אָנגעהויבן צו ווערן פּיינלעך. ער האָט זיך אייגנטלעך שוין געשעמט, וואָס ער האָט אַזוי געמיין געשפּילט מיט דער ליבע פונעם דאָזיקן קינד. און די דינע, מיט אַ פאַרשטיקט שלוכצן אָנגעזאָפּטע שטים, האָט אים פאַרשאַפט אַ ווייטיק.

„גיי איצט אַרויף, עדי, היינט אין אָוונט וועלן מיר זיך שוין איבערבעטן, דו וועסט זען,“ האָט ער געזאָגט באַרויקנדיק.

„אָבער איר וועט נישט דערלאָזן, אַז די מאַמע זאָל מיך באַלד אַוועקשיקן. נישט אמת ?"

„ניין, מיין עדי, איך וועל נישט דערלאָזן", האָט דער באַראָן געשמייכלט. „אָבער איצט גיי אַרויף, איך מוז מיך איבערטאָן צום אָוונט=ברויט".

עדגאַר איז אַוועקגעגאַנגען אויף אַ קורצע ווייִלע באַרויקט. אָבער באַלד האָט דער האַמער אין זיין האַרץ ווידער אָנגעהויבן זיך צו רירן. זינט דעם נעכטיקן טאָג איז ער אויף גאַנצע יאָרן עלטער געוואָרן; אַ פרעמדער גאַסט, אַ חשד, האָט זיך שוין אין זיין קינדערישער ברוסט פעסט באַזעצט.

ער האָט אָפּגעוואַרט. עס האָט געזאָלט זיין די אַנטשיידנדיקע פּראָבע. זיי זענען צוזאַמען געזעסן באַם טיש. ס'איז געוואָרן ניין אַ זייגער, אָבער די מוטער האָט אים נישט געשיקט שלאָפן. ער האָט אָנגעהויבן אומרויִק צו ווערן. פאַרוואָס לאָזט זי אים גראָד היינט אַזוי לאַנג דאָ בלייבן, זי, וואָס איז תמיד אַזוי פּינקטלעך ? האָט איר אפשר דער באַראָן אויסגעזאָגט זיין וואונטש און דעם גאַנצן שמועס ? עס איז אים פּלוצלינג באַפאַלן אַ שטאַרקע חרטה, וואָס ער איז אים היינט אַזוי נאָכגעלאָפן מיט זיין פול=צוטרויִלעכן האַרץ. צען אַ זייגער האָט זיך זיין מוטער פּלוצלינג אויפגעהויבן און גענומען אָפּשייד פון באַראָן. און מערקווירדיק — אויך יענער האָט זיך, ווייזט אויס, גאָרנישט געוואונדערט אויף דעם פריִען אַוועקגיין, ער האָט אפילו נישט געפּרוּווט, ווי ער פלעגט עס געווייִנלעך תמיד, זי צוריקהאַלטן. אין דעם קינדס ברוסט האָט דער האַמער געקלאַפּט וואָס אַמאָל העפטיקער.

אַצינד האָט עס געזאָלט זיין די שאַרפע פּראָבע. אויך ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, גלייך ער וואָלט פון קיין זאַך נישט געוואוסט און גאָרנישט אַקייגנשטעלנדיק זיך איז ער נאָכגעגאַנגען דער מוטער. בא דער טיר אָבער האָט ער פּלוצלינג אויפגעהויבן זיין בליק. און ווירקלעך, ער האָט אין דערדאָזיקער סעקונדע אויפגעכאַפּט אַ שמייכלענדיקן בליק, וואָס זיין מוטער האָט איבער זיין קאָפּ צוגעוואָרפן דעם באַראָן, אַ בליק, אין וועלכן עס האָט געשטעקט אַ פאַרשטענדיקונג, עפּעס אַ סוד. דער באַראָן, הייסט עס,

האָט אים פאַרראַטן. דערפון אַלזאָ שטאַמט דאָס פריע אַוועקגיין: זיי ווילן אים היינט פאַרוויגן, כּדי ער זאָל זיי מאָרגן נישט שטיין אין וועג.

„אויסוואורף", האָט ער געמורמלט.

„וואָס זאָגסטו?" האָט די מוטער געפרעגט.

„גאָרנישט", האָט ער אַרויסגערעדט מיט פאַרקריצטע ציין. אויך ער האָט אַצינד געהאַט זיין סוד. עס האָט געהייסן שנאה, גרענעצלאָזע שנאה צו זיי ביידע.

## שטילשווייגן.

עדגאַרס אומרויקייט איז געווען געענדיקט. ענדלעך האָט ער עמפּינדן אַ ריין, קלאָר געפיל: שנאה, אָפענע פיינטשאַפט. איצט, ווען ער איז שוין געווען זיכער, אַז ער שטייט זיי אין וועג, איז דאָס צוזאַמענזיין מיט זיי געוואָרן פאַר אים אַ גרויזאַם קאָמפּליצירטער תּענוג. עס האָט אים הנאה געטון באַם געדאַנק, זיי צו שטערן, וואָס ער קאָן זיך ענדלעך זיי אַקעגנשטעלן מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין פיינטשאַפט. דעם באַראָן האָט ער דעם ערשטן געגעבן צו פילן די ציין. ווען יענער איז צומאָרגנס אַראָפּגעקומען און אים פאַרבייגייענדיק באַגריסט מיט אַ האַרציקן „סערוואוס, עדי", האָט אים עדגאַר, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ און בלייבנדיק זיצן אויפן פאָטעל, צוריקגעמורמלט בלויז טרוקן „ט'מאָרגן". „איז די מאַמע שוין אונטן?" עדגאַר האָט אַריינגעקוקט אין דער צייטונג: „איך ווייס נישט".

דער באַראָן איז געוואָרן פאַרבליפט. וואָס איז עפּעס מיטאַמאָל געשען? „ביסט שלעכט געשלאָפן, עדי, וואָס?" ער האָט זיך געגרייט צו זאָגן עפּעס אַ שפּאַס, וועלכער וועט ווי תּמיד אַלץ גוט מאַכן. אָבער עדגאַר האָט אים ווידער צוגעוואָרפן מיט פאַראַכטונג בלויז אַ „ניין" און זיך ווידער פאַרטיפט אין דער צייטונג.

„נאַרישער יינג״, האָט דער באַראָן אַרויסגעמורמלט פאַר זיך, אַ הייב געטון מיט די אַקסלען און איז ווייטער געגאַנגען. די פיינט־שאַפט איז געווען דערקלערט.

אויך צו זיין מאַמען איז עדגאַר געוואָרן קאַלט און העפלעך. אַן אומגעשיקט־געמאַכטן פאָרשלאַג, ער זאָל גיין אויף דעם טעניס־פּלאַץ, האָט ער רויק אָפּגעוואָרפן. זיין שמייכלען, וואָס האָט גאַנץ לייכט באַרירט די ליפּן און זיי עטוואָס געקרימט מיט פאַרביטערונג האָט געוויזן, אַז ער וועט זיך שוין מער נישט לאָזן אָפּנאַרן. „איך וועל ליבער גיין מיט אייך שפּאַצירן, מאַמע״, האָט ער אַרויסגע־זאָגט מיט אַ כלומרשטער פריינטלעכקייט און איר אַריינגעקוקט אין די אויגן. דער ענטפער איז איר, משמעות, געווען נישט זייער אָנ־גענעם. זי איז געבליבן אַ וויילע אומאַנטשלאָסן און האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. „וואַרט דאָ אויף מיר״, האָט זי ענדלעך, ווי באַשליסנדיק זיך אַ זאָג געטון און איז אַוועק־געגאַנגען צום פרישטיק.

עדגאַר האָט געוואַרט, אָבער זיין חשד איז געוואָרן וואַך. אַן אומרויקער אינסטינקט האָט אין זייער יעדן וואָרט אַרויס־געפונען עפּעס אַ געהיימע, פיינטלעכע כוונה. דער חשד האָט אים אַצינד טיילמאָל געגעבן אַ מערקווירדיקע קלאָרקייט ביים אַנטשליסן זיך. און אָנשטאָט, אַזוי ווי מ׳האָט אים געהייסן, צוואַרטן אין זאַל, האָט עדגאַר אויסגעפונען פאַר בעסער, זיך אַוועקצושטעלן אויף דער גאַס, פונוואַנען ער האָט געקענט אַכטונג געבן נישט בלויז אויפן הויפּט־אַרויסגאַנג, נאָר אויך אויף אַלע זייטיקע טירן. ער האָט עפּעס ווי פאַרגעפילט, אַז מען וויל אים אָפּנאַרן. אָבער זיי וועלן שוין פון אים נישט אַנטרונען ווערן. אויף דער גאַס האָט ער זיך באַהאַלטן אונטער אַ קופּע האָלץ, אַזוי ווי ער האָט עס אַמאָל געלייענט אין זיינע אינדיאַנער־ביכער. און ער האָט זיך צופרידן צעלאַכט, בעת ער האָט נאָך אַן ערך אַ האַלבער שעה דער׳זען די מוטער אַרויסגיין טאַקע דורך אַ זייטיקער טיר, האַלטנ־דיק אַ בינטל כראַכטפולע רויזן אין דער האַנט און אין באַגליי־טונג פון באַראָן, דעם פאַררעטער.

ביידע האָבן זיי אויסגעזען זייער צופרידן. אָטעמען זיי דאָס

שוין לייכטער אָפּ, וואָס זיי זענען פּון אים פּטור געוואָרן און קאָנען זיך שוין אַליין אָפּגעבן מיט זייער סוד ? זיי האָבן געלאַכט בשעתן געשפּרעך און האָבן זיך געקליבן אַראָפּצוגיין מיטן וואַלדוועג.

אַצינד איז אָנגעקומען די ריכטיקע מינוט. עדגאַר האָט זיך רויק אַרויסגעשלייכט פון הינטער דער קופּע האָלץ, גלייך ווי עס וואָלט אים דאָ אַ צופאַל אַהערגעבראַכט. גאַנץ, גאַנץ געלאַסן האָט ער זיך געלאָזט גיין צו זיי, ער האָט זיך איבערגעלאָזט צייט, זייער אַ סך צייט, כדי לענגער זיך צו קוויקן מיט זייער איבעראַשונג. ביידע זענען געוואָרן פאַרבליפט און האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק. פּאַמעלעך מיט אַ כלומרשטער פּשטות, האָט זיך דאָס קינד צו זיי דערנענטערט, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון זיי זיין חוזק-בליק.

„אַ, דו ביסט דאָ, עדי, מיר האָבן דיך שוין געזוכט”, האָט די מוטער ענדלעך אַרויסגעזאָגט. ווי פרעך זי זאָגט ליגנט, האָט זיך דאָס קינד געטראַכט. נאָר זיינע ליפּן זענען געבליבן אומבאַוועגלעך, זיי האָבן דעם סוד פון זיין בשמה פאַרבאָרגן הינטער די ציין.

זיי זענען אַלע דריי געבליבן שטיין אומאַנטשלאָסן. איינער האָט נאָכלויעריש געקוקט אויפן אַנדערן. „אַלזאָ, גייען מיר”, האָט די צערייצטע פרוי אַרויסגעזאָגט רעזיגנירט און דערביי צעפליקט איינע פון די שענסטע רויזן. אַ לייכט ציטערן האָט זיך באַוויזן אַרום אירע נאָז-לעפלען, וואָס איז בא איר תמיד געווען אַ סימן, אַז זי איז אין כעס. עדגאַר איז שטיין געבליבן, גלייך דאָס אַלץ וואָלט אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען, ער האָט זיך פאַרקוקט אין דער לופט-בלויקייט און געוואַרט, ביז זיי האָבן גערירט פון אָרט, דעמאָלט ערשט האָט ער זיך גרייט געמאַכט, זיי נאָכצוגיין. דער באַראָן האָט נאָך געמאַכט אַ פרווו. „היינט קומט פאָר אַ טעניס-טורניר, האָסטו דאָס שוין אַמאָל געזען ?” עדגאַר האָט בלויז אַ קוק געטון אויף אים מיט פאַראַכטונג. ער האָט אים גאָרנישט געענטפערט און בלויז קרום צוזאַמענגעצויגן די ליפּן, ווי צום פייפן. דאָס איז

געוועזן זיין ענטפער. זיין שנאה האָט אַנטפּלעקט די בלאַנקע ציין.

אַזוי ווי אַ שווערע משא איז זיין נישט געוואונטשטע אָנוועזנהייט געווען פאַר ביידע. אַזוי גייען נאָר פאַרמשפּטע הינטער דעם אויפזעער, מיט אומבאַמערקט צוזאַמענגעביילטע פויסטן. דאָס קינד האָט אייגנטלעך גאָרנישט געטון און דאָך איז עס געוואָרן פאַר זיי וואָס אַ מינוט אַלץ אומדערטרעגלעכער מיט זיינע פאָרשנדיקע אויגן, וועלכע זענען פייכט געווען פון פאַרביטערונגס־טרערן און מיט זיין צערייצטער אָנגעברוגזטקייט, וואָס האָט צונישט געמאַכט יעדן פּרווו פון צוריק שלום מאַכן. „גיי פאָרויס“, האָט פּלוצלינג די מוטער אַרויסגעזאָגט צאָרנדיק, אַ צערייצטע דורך זיין אומאויפהערלעכן נאָכפאָרשן. „טאַנץ מיר נישט כסדר פאַר די פיס, דאָס מאַכט מיך נערוועז“. עדגאַר האָט געפאָלגט, אָבער נאָך יעדע עטלעכע טריט האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז וואַרטנדיק געבליבן שטיין, אויב זיי זענען הינטערשטעליק געבליבן, מעפּיסטאָפעליש אַרומנעמענדיק זיי מיט זיין בליק, ווי אַ שוואַרצער פּודעל־הונט און פאַרשפּינענדיק זיי אין אַ פייערדיקער נעץ פון שנאה, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפילט, ווי געפאַנגען.

זיין בייז שטילשווייגן האָט צעשטערט זייער גוטע שטימונג, זיין בליק האָט זיי פאַרסמט דאָס געשפּרעך און עס אָפּגעטייט אויף זייערע ליפּן. דער באַראָן האָט שוין נישט געוואַגט מער אַרויסצורעדן קיין איין צוציענדיק וואָרט, ער האָט מיט צאָרן געשפּירט, אַז דידאָזיקע פרוי גליטשט זיך ווידער אַרויס פון אים, אַז איר אויפגעפלאַמטע ליידנשאַפטלעכקייט ווערט אַצינד ווידער אָפּגעקילט אויס מורא פאַרן דאָזיקן לעסטיקן, אָפּשטויסנדיקן קינד. זיי האָבן אַלע ווײַלע געפּרוווט ווידער אָנצוקניפּן דעם שמועס, און יעדעס מאָל איז ער איבערגעריסן געוואָרן. ענדלעך האָבן זיי אַלע דריי שטילשווייגנדיק געטרעטן איבערן וועג, צוהערנדיק זיך בלויז צום פליסטערנדיקן גערויש פון די ביימער און צו זייערע אייגענע פאַרדריסלעכע טריט. דאָס קינד האָט זייער געשפּרעך דערשטיקט.

אַצינד זענען אַלע דריי געווען אָנגעפּולט מיט אַ צערייצטער שנאה. דאָס אָפּגענאַרטע קינד האָט מיט אַ תענוג געפילט, ווי זייער כעס פלאַקערט מאַכטלאָז קעגן זיין פון זיי פאַראַכטע עקזיסטענץ. אַלע ווייל האָט ער געוואָרפן אַ שפּאָטיש־בליצנדיקן בליק אויפן באַראָנס פאַרביסענע פּנים. ער האָט געזען, ווי יענער האַלט צוגעפּרעסט הינטער די ציין זידל־ווערטער און מוז זיך אַ כוח אָנטון, נישט אויסצושפּייען זיי אויף אים. אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך מיט אַ טייוולאָנישער הנאה באַמערקט דעם וואַקסנדיקן צאָרן פון זיין מוטער, און אַז זיי ביידע קוקן נאָר אויס אויף אַן אויסרייד, זיך צו וואַרפן אויף אים, אים אַוועקצושטויסן אָדער אוממשעדלעך צו מאַכן. ער האָט זיי אָבער נישט געגעבן קיין שום געלעגנהייט, זיין שנאה איז געווען דורכגעטראַכט אין משך פון לאַנגע שעהן און האָט נישט געהאַט קיין שוואַכע זייטן.

„לאָמיר צוריקגיין“, האָט די מוטער פּלוצלינג אַרויסגעזאָגט. זי האָט געפילט, אַז זי קאָן זיך שוין לענגער נישט באַהערשן, אַז זי מוז עפּעס טון, ווייניקסטנס אויסשרייען אונטער דערדאָזיקער פּייניקונג.

„וואָס פאַר אַ שאָד“, האָט עדגאַר רויק אַרויסגערעדט, „עס איז אַזוי שיין“.

זיי האָבן ביידע דערפילט, אַז דאָס קינד מאַכט פון זיי חוזק. אָבער זיי האָבן זיך נישט דערוועגט אים עפּעס צו זאָגן. דערדאָזיקער טיראַן האָט אין משך פון צוויי טאָג זיך וואונדערלעך אויסגעלערנט זיך צו באַהערשן. קיין שום נערוו־ציטער אין זיין פּנים האָט נישט געגעבן צו דערקענען זיין בייסיקע איראָניע. נישט אַרויסרעדנדיק קיין איינציק וואָרט, האָבן זיי זיך געלאָזט אויפן לאַנגן וועג ווידער אַהיים. אין דער מוטער האָט נאָך אַלץ געפּלאַקערט די צערייצטקייט, בעת זי האָט זיך שוין געפונען מיט עדגאַרדן אַליין אין צימער. זי האָט מיט כעס אַוועקגעוואָרפן דעם שירם און די הענטשקעס. עדגאַר האָט גלייך באַמערקט, אַז אירע נערוון זענען צערייצט און זי איז גרייט אַרויסצופּלאַצן, אָבער ער האָט געוואָלט זען דעם אויסברוך און איז בכיוון געבליבן אין צימער, כדי זי צו רייצן. זי איז געגאַנגען אויף און אָפּ, האָט זיך אַנידערגע-

זעצט און געפּויקט מיט די פינגער אָן טיש, באַלד אָבער איז זי ווידער אויפגעשפּרונגען.

„ווי צעשויבערט דו ביסט, ווי שמוציק דו גייסט אַרום! עס איז אַ חרפּה פאַר מענטשן. שעמסטו דיך נישט אין דיינע יאָרן?"

נישט אַקייגנרעדנדיק קיין איין וואָרט, איז דאָס קינד צוגעגאַנגען און אָנגעהויבן זיך צו פאַרקעמען. דאָסדאָזיקע שווייגן, דאָס דאָזיקע איינגעהאַלטענע קאַלטע שטילשווייגן מיט דעם לייכטן ציטער פון חוזק אויף די ליפּן האָט זי אַריינגעבראַכט אין אַ ווילדן כעס. עס איז זי באַפאַלן אַ פאַרלאַנג, אים צו שלאָגן. „גיי אין דיין צימער אַריין", האָט זי זיך צעשריגן אויף אים. זי האָט שוין נישט מער געקאָנט אַריבערטראָגן זיין אָנוועזנהייט. עדגאַר האָט זיך צעשמייכלט און איז אַוועקגעגאַנגען.

ווי ביידע ציטערן דאָס אַצינד פאַר אים, ווי זיי שרעקן זיך, דער באַראָן און זי, פאַר יעדער שעה פון זיין אָנוועזנהייט, פאַר דער אומבאַרחמנותדיק האַרטער צוואַנג פון זיין בליק! וואָס מער זיי האָבן זיך געפילט אומהיימלעך, אַלץ צופרידענער האָט געגלאַנצט זיין בליק, אַלץ אַרויספאָדערנדיקער איז געוואָרן זיין פרייד. עדגאַר האָט אַצינד געפּייניקט די דאָזיקע ווערלאָזע מיט דער גאַנצער, כמעט חיהשער גרויזאַמקייט, וואָס ס'פאַרמאָגן קינדער. דער באַראָן האָט נאָך געקאָנט זיין צאָרן פאַרבאָרגן, ווייל ער האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז ס'וועט זיך אים איינגעבן דאָס יינגל אָפּצונאַרן, און האָט נאָר געטראַכט וועגן זיין ציל. נאָר זי, די מוטער, האָט אַלע מאָל פאַרלוירן די באַהערשונגס־קראַפט. עס איז פאַר איר געווען אַ דערלייכטערונג אָנצושרייען אויף אים. „שפּיל דיך נישט מיטן גאָפּל", האָט זי זיך געבייזערט אויף אים באַם טיש. „דו ביסט אַ צעלאָזענער יינג, ביסט גאָרנישט ווערט צו זיצן צוזאַמען מיט דערוואַקסענע". עדגאַר האָט שטענדיק נאָר געשמייכלט, דעם קאָפּ אָנגעבויגן עטוואָס אָן אַ זייט. ער האָט געוואוסט, אַז דאָסדאָזיקע שרייען איז געווען פאַרצווייפלונג און ער האָט דערפילט אַ שטאָלציקייט, וואָס זיי ווערן אַזוי צעטומלט. ער האָט איצט פאַרמאָגט אַ זייער רויקן בליק, ווי דער בליק פון אַ רופא. פריער וואָלט ער־

אפשר דערצאָרנט געוואָרן און וואָלט זיך געערגערט, אָבער דורך שנאה לערנט מען זיך אויס אַ סך און שנעל. איצט האָט ער בלויז געשוויגן, געשוויגן און געשוויגן, ביז זי האָט אָנגעהויבן צו שרייען אונטערן דרוק פון זיין שטילשווייגן.

די מוטער האָט עס נישט געקאָנט פאַרטראָגן לענגער. בעת זי איז אַציגנד אויפגעשטאַנען נאָכן עסן און עדגאַר מיט זיין כלומרשט תמימותדיקן אויסדרוק פון חברשאַפט האָט זיי געוואָלט נאָכגיין, האָט עס ענדלעך פון איר אַרויסגעפּלאַצט. זי האָט פאַרלוירן יעדע איבערלייגונג און האָט אַרויסגעשפּיגן מיטן אמת. אַ געפּייניקטע פון זיין נאָכלויערנדיקער קעגנוואַרט, איז זי אויפגעשפּרונגען, ווי אַ פון פליגן געביסן פערד. „וואָס לויפסטו מיר כסדר נאָך, אַזויווי אַ דריי-יעריק קינד? איך וויל דיך נישט האָבן שטענדיק לעבן מיר. קינדער געהערן זיך נישט אָן מיט דערוואַקסענע. נעם דיר דאָס אין זין אַריין! פאַרנעם דיך אַמאָל אַ שעה מיט דיר אַליין. לייען עפּעס, אָדער טו, וואָס דו ווילסט. לאָז מיך צורו! דו מאַכסט מיך נערוועז מיט דיין נאָכשלעפּן זיך, מיט דיין אָפּשטויסנדיקער אָנגעברוגזטקייט".

ענדלעך האָט ער עס אַרויסבאַקומען פון איר, דאָס מודה זיין אין דער אמתער כוונה! עדגאַר האָט געשמייכלט, אין דער צייט, וואָס זי און דער באַראָן האָבן אויסגעזען אין אַ פאַרלעגנהייט. זי האָט זיך אַפּגעווענדט און געוואָלט גיין, אַ דערצאָרנטע אויף זיך אַליין, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן פאַרן קינד איר אומצופרידנהייט. אָבער עדגאַר האָט אַרויסגערעדט קאַלט:

„פּאַפּאַ וויל נישט, אַז איך זאָל דאָ אַרומגיין אַליין. פּאַפּאַ האָט באַ מיר גענומען דאָס וואָרט, אַז איך וועל נישט זיין אומפאָרזיכטיק און וועל זיך האַלטן לעבן דיר".

ער האָט באַטאָנט דאָס וואָרט „פּאַפּאַ", ווייל ער האָט נאָך דעמאָלט באַמערקט, אַז דאָס מאַכט אויף זיי אַ דערדריקנדיקע ווירקונג. הייסט עס, אַז אויך זיין פאָטער מוז דאָ עפּעס אויף אַ געוויסן אופן זיין פאַרשפּינט אין דעמדאָזיקן געוואַלטיקן סוד. פּאַפּאַ מוז האָבן איבער זיי ביידע עפּעס אַ פאַרבאָרגענע מאַכט, פון וועלכער ער ווייסט נישט, וואָרים דאָס בלויזע דערמאַנען זיין נאָמען וואַרפט

אָן אויף זיי עפּעס אַן אומהיימלעכע שרעק. זיי האָבן אויך דאָסמאָל גאָרנישט אָפּגעענטפערט. זיי האָבן אַנידערגעלייגט דאָס געווער. די מוטער איז געגאַנגען פאָרויס, דער באַראָן לעבן איר. הינטער זיי איז נאָכגעגאַנגען עדגאַר, אָבער נישט הכנעהדיק, ווי אַ דינער, נאָר האַרט, שטרענג און אומבויגזאַם, ווי אַ שומר. אומזעבאַר האָט ער געקלונגען מיט דער קייט, אין וועלכער זיי האָבן זיך געוואַקלט, און וועלכע איז געווען פעסט, נישט צום צעררייסן. די שנאה האָט זיין קינדישן כּוח פעסט געמאַכט, ווי שטאָל; ער, דער אומוויסנדי־קער, איז געווען שטאַרקער פאַר זייביידע, וועמען דער סוד האָט די הענט געבונדן.

## די ליגנע.

אָבער די צייט האָט געטריבן. דעם באַראָן איז פאַרבליבן בלויז געציילטע טעג און זיי האָבן פאַרלאַנגט אויסגענוצט צו ווערן. אַקייגנצושטעלן זיך דער עקשנות פונם צעררייצטן קינד איז געווען, דאָס האָבן זיי געפילט, אַן אומזיסטע זאַך, און דעריבער האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם לעצטן, אָן דעם חרפּהדיקסטן אויסוועג: צו אַנטלויפן, כּדי בלויז אויף אַ שעה אָדער צוויי פריי צו ווערן פון זיין טיראַניע.

„גיב אַוועק דידאַזיקע בריוו אין דער פּאָסט רעקאָמענדירט", האָט די מוטער געזאָגט צו עדגאַרן. זיי זענען ביידע געשטאַנען אין גרויסן זאַל, דער באַראָן האָט אינדרויסן גערעדט מיט אַ פור־מאַן.

עדגאַר האָט מיט חשד גענומען די צוויי בריוו. ער האָט באַמערקט, אַז אַ דינער האָט פריער איבערגענומען אויסצופירן עפּעס אַ שליחות פאַר זיין מוטער. האָבן זיי זיך נישט עפּעס אָפּגעשמו־עסט קעגן אים?

ער האָט זיך געקווענקלט.

„וואו וועסטו מיך אָפּוואַרטן ?"

„דאָ".

„זיכער ?"

„יאָ".

„דו זאָלסט אָבער נישט אַוועקגיין ! וועסטו, הייסט עס, וואַרטן אויף מיר דאָ אין זאַל, ביז איך וועל צוריקקומען?" האָבנדיק דאָס געפיל פון זיין איבערגעוויכט, האָט ער שוין גערעדט מיט זיין מוטער אין אַ באַפעלערישן טאָן. זינט אייערנעכטן האָט זיך אַ סך געענדערט.

דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט גיין מיט די צוויי בריוו. בײַ דער טיר האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיטן באַראָן. ער האָט זיך געווענדט צו אים, צום ערשטן מאָל זינט צוויי טעג.

„איך וועל נאָר אויפגעבן די צוויי בריוו. מיין מאַמע וועט וואַרטן אויף מיר, ביז איך וועל צוריקקומען. איך בעט אייך, גייט נישט פריער אַוועק".

דער באַראָן איז שנעל פאַרבייגעגאַנגען. „יאָ, יאָ, מיר וועלן שוין וואַרטן".

עדגאַר האָט זיך שנעל געלאָזט לויפן צו דער פּאָסט. ער האָט דאָרט געמוזט וואַרטן. עפּעס אַ הער, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, האָט געשטעלט אָן אַ שיעור לאַנגווייליקע פראַגן. ענדלעך האָט ער אַוועקגעגעבן די בריוו און איז צוריקגעלאָפן מיט די קוויטונגען. ער איז אָנגעקומען פונקט אין דער מינוט, ווען די קאַרעטע, אין וועלכער ס׳זענען געזעסן זיין מוטער מיטן באַראָן, האָט גערירט פון אָרט.

ער איז געבליבן שטיין ווי אַ פאַרגליווערטער פאַר צאָרן. ער האָט זיך שיער אָראָפּגעבויגן נאָך אַ שטיין, כדי זיי נאָכצו־וואַרפן. זיי האָבן זיך פון אים, הייסט עס, דאָך אַרויסגענאַרט. אָבער דורך וואָס פאַר אַ געמיינעם, מיאוּסן ליגנט ! אַז זיין מוטער זאָגט ליגנט, דאָס האָט ער געוואוסט שוין פון נעכטן. נאָר אַז זי קען זיין אַזוי אומפאַרשעמט, נישט צו האַלטן אַ געגעבענעם צוזאָג, דאָס האָט פאַרניכטעט דאָס לעצטע ביסל צוטרוי צו איר. ער

האָט אויפגעהערט צו פאַרשטיין דאָס גאַנצע לעבן, זינט ער האָט
אײַנגעזען, אַז די ווערטער, הינטער וועלכע ער האָט געגלויבט צו
געפינען די ווירקלעכקייט, זענען מער גישט ווי קאָלירטע זייפן־
בלאָזן, וואָס שפּרייטן זיך אויס און ווערן באַלד צו נישט. אָבער
וואָס פאַר אַ שרעקלעכער סוד מוז דאָס זיין, אויב דאָס טרייבט
דערוואַקסענע מענטשן אַזוי ווייט, אים, אַ קינד, אָפּצונאַרן, זיך
אַוועקצוגנבענען, ווי פאַרברעכער ? אין די ביכער, וועלכע ער
האָט געלייענט, ווערט בלויז באַשריבן, ווי מענטשן מאָרדן און
באַשווינדלען, כּדי צו קריגן געלט, אָדער מאַכט, אָדער קעניגרייכן.
וואָס איז אָבער דאָ די סיבה, וואָס ווילן דידאָזיקע ביידע, פאַר־
וואָס באַהאַלטן זיי זיך פאַר אים, וואָס באַמיען זיי זיך צו פאַר־
באָרגן אונטער הונדערטער ליגנס ? ער האָט זיך געבראָכן דעם
מוח. ער האָט אומקלאָר געשפּירט, אַז דערדאָזיקער סוד איז דער
ריגל פון דער קינדהייט, אַז דעמדאָזיקן סוד צו דערגיין באַדייט,
אַ דערוואַקסענער צו ווערן, ענדלעך, ענדלעך אַ מאַן צו ווערן.
אָ, אים צו דערגיין ! אָבער ער האָט שוין נישט געקענט לענגער
קלאָר טראַכטן. דער כּעס, וואָס זיי האָבן זיך פון אים אַוועקגע־
באַרט, האָט אים פאַרברענט און פאַרהילט מיט רויך דעם קלאָרן
בליק.

ער האָט זיך געלאָזט לויפן אין וואַלד אַריין, ער האָט גראָד
אָנגעטראָפן אויף אַ שטיל אָרט, פונוואַנען ס'קאָן אים קיינער נישט
באַמערקן און דאָ האָט עס אַרויסגעפּלאַצט, אין אַ קוואַל פון הייסע
טרערן. „ליגנער, הינט, אָפּנאַרער, שווינדלער" — ער האָט געמוזט
דידאָזיקע ווערטער הויך אַרויסשרייען, וואָרים אַז נישט וואָלט ער
דערשטיקט געוואָרן. דער כּעס, די אומגעדולד, ערגערניש, די ניי־
גיריקייט, די הילפלאָזיקייט און דער פאַרראַט פון די לעצטע טעג,
דער קינדישער קאַמף, די אילוזיע פון זיין דערוואַקסנקייט, דאָס
אַלץ האָט אים אַצינד אויפגעריסן זיין ברוסט און זיך פאַרוואַנדלט
אין טרערן. דאָס איז געווען דאָס לעצטע געווייַן פון זיין קינדהייט,
דאָס לעצטע ווילדסטע געוויין, צום לעצטן מאָל האָט ער זיך
ווייבעריש איבערגעגעבן דעם תּענוג פון טרערן. אין דערדאָ־
זיקער שעה פון גוואַלטיקן צאָרן האָט ער אַרויסגעוויינט פון

זיך אַלדינג, צוטרוי, ליבע, גלויבן, רעספּעקט — זיין גאַנצע קינד־הייט.

דאָס יינגל, וואָס איז דערנאָך צוריקגעגאַנגען צום האָטעל, איז שוין געווען אַן אַנדערער. ער איז געווען קאַלט און האָט גע־האַנדלט מיט אויסגערעכנטקייט. צוערשט איז ער אַריינגעגאַנגען אין זיין צימער און זאָרגפעלטיק אָפּגעוואַשן דאָס פּנים מיט די אויגן, כדי זיי נישט צוצולאָזן דאָס פאַרגעניגן, צו זען די שפּורן פון זיינע טרערן. דערנאָך האָט ער זיך פאָרגעבערייט צו אַן אָפּ־רעכנונג מיט זיי. און ער האָט געוואַרט געדולדיק, אָן דער מינדסטער אומרויקייט.

דער זאַל איז געווען גוט באַזוכט, בעת די קאַרטעס מיט די צוויי אַנטלאָפענע האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אין דרויסן. עטלעכע הערן האָבן געשפּילט אין שאַך, אַנדערע האָבן געלייענט צייטונגען, די דאַמען האָבן געפּלוידערט. צווישן זיי איז געזעסן דאָס קינד אומבאַוועגלעך, עטוואָס בלייך און מיט ציטערנדיקע ליפּן. ווען זיין מוטער און דער באַראָן האָבן זיך באַוויזן אין טיר, עטוואָס זשעניִרט פון זיין מאָדנעם אויסזען און שוין גרייט אַרויס־צושטאַמלען דעם צוגעגרייטן אויסרייד, איז עדגאַר פּלוצלינג זיי אַנטקייגנגעגאַנגען רויק, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און געזאָגט אַרויסרופעריש: „הער באַראָן, איך וואָלט אייך געוואָלט עפּעס זאָגן".

דעם באַראָן איז געוואָרן אומהיימלעך. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי מ'וואָלט אים באַ עפּעס געכאַפּט. „יאָ, יאָ, שפּעטער, באַלד!" אָבער עדגאַר האָט הויך אויפגעהויבן זיין קול און געזאָגט קלאָר און שאַרף, אַז אַלע אַרומיקע האָבן עס געקענט הערן: „איך וויל אָבער אַצינד רעדן מיט אייך. איר האָט געהאַנדלט נידער־טרעכטיק. איר האָט מיך אָפּגענאַרט. איר האָט געוואוסט, אַז מיין מאַמע וואַרט אויף מיר, און איר. . ."

„עדגאַר!" האָט די מוטער אויסגעשריגן, דערזעענדיק, ווי אַלעמענס בליקן זענען אָנגעשטעלט אויף איר, און האָט זיך געלאָזט צו אים.

אָבער דאָס קינד, זעענדיק, אַז זיי ווילן אים איבערשרייען, האָט פּלוצלינג הילכיק אויסגעשריגן:

„איך זאָג עס אייך נאָכאַמאָל פאַר אַלעמען אין די אויגן: איר האָט מיאוס ליגנט געזאָגט אַז דאָס איז געמיין, דאָס איז ני־דעריק".

דער באַראָן איז געשטאַנען אַ בלייכער, מענטשן האָבן אָנ־געשטעלט פאַרוואונדערטע בליקן, טייל האָבן געשמייכלט.

די מוטער האָט אָנגעכאַפּט דאָס קינד, וואָס האָט געציטערט פאַר אויפרעגונג:

„קום די מינוט אַרויף אין דיין צימער, אָדער איך שלאָג דיך דאָ פאַר אַלעמען אין די אויגן", האָט זי הייזעריק אַרויסגע־שטאַמלט.

נאָר עדגאַר איז שוין ווידער געווען רויק. ער האָט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך אַזוי צעהיצט. ער איז געווען אומצו־פרידן מיט זיך אַליין, ווארים אייגנטלעך האָט ער בדעה געהאַט קאַלט אַרויסצורופן דעם באַראָן, נאָר דער כּעס האָט זיך אַרויסגע־וויזן שטאַרקער פון זיין ווילן. רויק, אָן האַסטיקייט האָט ער זיך געלאָזט גיין צו די שטיגן.

„אַנטשולדיקט, הער באַראָן, פאַר זיין אומדערצויגנקייט. איר ווייסט דאָך, ער איז אַ נערוועז קינד", האָט זי נאָך אַרויסגע־שטאַמלט, צעטומלט פון די עטוואָס בייסיקע בליקן, וועלכע זענען געווען אָנגעשטעלט אויף איר פון אַלע זייטן. קיין זאַך אין דער וועלט איז פאַר איר נישט געווען אַזוי שרעקלעך, ווי אַ סקאַנדאַל, און זי האָט געפילט, אַז זי טאָר זיך נישט פאַרלירן אין דער האַל־טונג. אָנשטאָט גלייך צו אַנטלויפן, איז זי פריער צוגעגאַנגען צום פּאָרטיער, נאָכגעפרעגט אויף בריוו און אַנדערע גלייכגילטיקע זאַכן און ערשט דערנאָך האָט זי זיך, רוישנדיק מיטן קלייד, געלאָזט גיין אויף די שטיגן, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. נאָר הינ־טער איר האָט גערוישט אַ שטיל־מורמלענדיק פליסטערן און אַן איינגעהאַלטן געלעכטער.

אין מיטן וועג האָט זי פאַרלאַנגזאַמערט אירע טריט. זי האָט זיך תּמיד געפילט הילפלאָז אין ערנסטע סיטואַציעס און אויך אַצינד

האָט זי זיך געשראָקן פאַרן אויסגאַנג פון דערדאָזיקער זאַך. אַז זי איז איז געווען די שולדיקע, דאָס האָט זי נישט געקאָנט אָפּלייקענען, און אויסער דעם: זי האָט מורא געקריגן פאַרן קינדס בליק, דעמדאָזיקן נייעם, פרעמדן, עפּעס משונהדיקן בליק, וועלכער האָט זי געליימט און צוגענומען בײַ איר די פעסטקייט. אויס מורא האָט זי באַשלאָסן צו פּרוּוון אײַננעמען דאָס קינד מיט גוטן, וואָרים בײַ אַ קאַמף איז ער אַצינד, דאָס האָט זי געוואוסט, דאָסדאָזיקע צערייצטע קינד, דער שטאַרקערער.

זי האָט שטיל אויפגעעפנט די טיר. דאָס ייִנגל איז דאָ געזעסן, רויק און קאַלט. ער האָט אויפגעהויבן אויף איר דעם בליק אָן שום מורא, ער האָט אפילו נישט אַרויסגעוויזן קיין נײַגיריקייט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער פילט זיך גאָר זיכער.

„עדגאַר", האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ מוטערלעכן טאָן, „וואָס איז דיר עפּעס אײַנגעפאַלן? איך האָב מיך געשעמט צוליב דיר. ווי קאָן מען עס זײַן אַזוי אומדערצויגן, און דערצו נאָך אַ קינד קייגן אַ דערוואַקסענעם! דו וועסט באַלד בעטן אַנטשולדיקונג בײַם הער באַראָן".

עדגאַר האָט זיך אויסגעדרייט צום פענצטער און אַרויסגעקוקט. דעם „ניין" האָט ער אַרויסגעזאָגט, ווי צו די אַנטקייגנאַיבערדיקע ביימער.

זײַן פעסטקייט האָט זי אָנגעהויבן צו פאַרוואונדערן.

„עדגאַר, וואָס טוט זיך מיט דיר? דו ביסט דאָך אינגאַנצן אַנדערש, ווי תּמיד? איך פאַרשטיי מיך שוין גאָרנישט אויף דיר. דו ביסט דאָך שטענדיק געווען אַ קלוג, אָרנטלעך קינד, מיט וועלכן מ'האָט געקאָנט רעדן. און מיטאַמאָל האָסטו דיך אויפגעפירט אַזוי, גלייך ס'וואָלט זיך אין דיר אַ שד פאַרקליבן. וואָס האָסטו דען צום באַראָן? דו האָסט דאָך אים זייער ליב געהאַט. ער איז דאָך תּמיד געווען אַזוי פרײַנטלעך צו דיר".

„יאָ, ווײַל ער האָט זיך געוואָלט מיט דיר באַקענען".

זי האָט דערפילט אַן אומהיימלעכקייט.

„נאַרישקייטן! וואָס פאַלט דיר עפּעס אײַן. ווי קאָנסטו אַזעלכעס טראַכטן?"

אָבער דאָ איז דאָס קינד אויפגעשפּרונגען.

„אַ ליגנער איז ער, אַ פאַלשער מענטש. אַלץ, וואָס ער טוט, איז — אויסגערעכנטקייט און געמיינהייט. ער האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט דיר, דעריבער איז ער צו מיר געווען פריינטלעך און האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן אַ הונט. איך ווייס נישט, וואָס ער האָט דיר צוגעזאָגט און פאַרוואָס ער איז צו דיר פריינטלעך, אָבער ער וויל אויך פון דיר עפּעס, מאַמע, גאַנץ באַשטימט. ווען נישט וואָלט ער נישט געווען אַזוי העפלעך און פריינטלעך. ער איז אַ שלעכטער מענטש. ער זאָגט ליגנט. קוק אים נאָר אַמאָל גוט אָן, וואָס פאַר אַ פאַלשן בליק ער האָט. אָ, איך האָס אים, דעמדאָזיקן נישטיקן ליגנער, דעמדאָזיקן נידערטרעכטיקן. . .״

„אָבער, עדגאַר, ווי קאָן מען אַזעלכעס זאָגן״. זי איז געווען צעטומלט און האָט נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. אין איר האָט זיך געוועקט אַ געפיל, וואָס האָט דעם קינד געגעבן גערעכט.

„יאָ, ער איז אַ נידערטרעכטיקער מענטש, דאָס לאָז איך מיר נישט אָפּלייקענען. דו מוזט דאָס אַליין מודה זיין. פאַרוואָס האָט ער מורא פאַר מיר? פאַרוואָס באַהאַלט ער זיך פאַר מיר? ווייל ער ווייסט, אַז איך זע אים דורך און, אַז איך קאָן אים, דעמדאָזיקן נידערטרעכטיקן!״

„ווי קאָן מען אַזעלכעס זאָגן, ווי קאָן מען אַזעלכעס זאָגן״. איר מוח איז געווען ווי אויסגעטרוקנט, בלויז די ליפּן האָבן מעכאַניש אַרויסגעשטאַמלט דידאָזיקע צוויי זאַצן. זי האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן מורא צו קריגן און האָט אייגנטלעך נישט געוואוסט, צי פאַרן באַראָן, אָדער פאַרן קינד.

עדגאַר האָט געזען, אַז זיין ווערטער מאַכט אַן איינדרוק, און ער האָט באַקומען אַ פאַרלאַנג, זי צו געוואונען אויף זיין זייט, אַ חבר צו האָבן אין דער שנאה, אין דער פריינטשאַפט קעגן אים. ער איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער, זי צאַרט אַרומגענומען און זיין שטים איז געוואָרן שמייכלעריש פאַר צעטראָגנקייט.

„מאַמע״, האָט ער געזאָגט, „דו אַליין האָסט דאָך אוודאי אויך באַמערקט, אַז ער איז נישט אויסן קיין גוטס. ער האָט דיך אינ־

גאַנצן אַנדערש געמאַכט. דו ביסט פאַרענדערט און נישט איך. ער האָט דיך אָנגערייצט אויף מיר, כדי מיט דיר אַליין צו בלייבן. ער וויל דיך זיכער אָפּנאַרן. איך ווייס נישט, וואָס ער האָט דיר צו־געזאָגט. איך ווייס נאָר, אַז ער וועט נישט האַלטן וואָרט. דו זאָלסט דיך היטן פאַר אים. ווער עס נאַרט אָפּ איינעם, דער נאַרט אויך אָפּ אַ צווייטן. ער איז אַ שלעכטער מענטש, וועלכן מ׳דאַרף נישט גלייבן".

די־דאָזיקע שטים, ווייך און כמעט אין טרערן, האָט גע־קלונגען, ווי פון איר אייגן האַרץ אַרויס. זינט נעכטן איז אין איר אַנטשטאַנען עפּעס אַן אומהיימלעך געפיל, וואָס האָט איר געזאָגט דאָס אייגענע. וואָס אַמאָל שטאַרקער און שטאַרקער. אָבער זי האָט זיך געשעמט געדערעכט צו געבן איר אייגן קינד. און זי האָט זיך געראַטעוועט פון דער פאַרלעגנהייט, אין וועלכער עס ברענגט אַמאָל אַריין אַן איבערגעוועלטיקנדיק געפיל, פונקט ווי עס טוען אַ סך: מיט אויסערלעכער שטרענגקייט. זי האָט זיך אויסגע־גלייכט.

„קינדער פאַרשטייען נישט אַזעלכעס. אין אַזעלכע זאַכן האָסטו דיך נישט וואָס אַריינצומישן. דו דאַרפסט דיך אָנשטענדיק אויפ־פירן. דאָס איז אַלץ".

עדגאַרס פּנים האָט זיך ווידער באַדעקט מיט אַ קאַלטקייט. „ווי דו ווילסט", האָט ער אַרויסגעזאָגט האַרט, „איך האָב דיך גע־וואָרנט".

„אַלזאָ דו ווילסט נישט איבערבעטן?"

„ניין".

זיי זענען געשטאַנען פאַרעקשנטע איינער קעגנאיבער דעם אַנדערן. זי האָט געפילט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן איר אויטאָרי־טעט.

„אויב אַזוי וועסטו דאָ אויבן מיטאָג עסן. אַליין. און דו וועסט נישט צוקומען צו אונזער טיש פריער, איידער דו וועסט דיך האָבן אַנטשולדיקט. איך וועל דיך נאָך אויסלערנען, ווי אַזוי זיך צו האַלטן. דו וועסט דיך נישט אַרויסרירן פונם צימער, ביז איך וועל עס דיר דערלויבן. האָסט פאַרשטאַנען?"

עדגאַר האָט געשמייכלט. עס האָט זיך געדאַכט, גלייך דער-
דאָזיקער פאַרעקשנטער שמייכל איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט זיינע
ליפּן. אינערלעך איז ער בייז געווען אויף זיך אַליין. ווי נאַריש
דאָס איז געווען פון אים, וואָס ער האָט ווידער אַמאָל געוואָלט ווייך
מאַכן זיין האַרץ און זי, די ליגנערין, נאָך געוואָלט וואָרענען.
די מוטער איז אַרויסגעגאַנגען, נישט וואַרפנדיק אויף אים
שוין מער קיין בליק. זי האָט מורא געהאַט פאַר דידאָזיקע בייסי-
קע אויגן. דאָס קינד איז איר געוואָרן דערווידער, זינט זי האָט
דערפילט, אַז עס האָט אָפענע אויגן און זאָגט איר גראָד דאָס,
וואָס זי וויל נישט וויסן און נישט הערן. זי האָט עמפּינדן אַ שרעק-
געפיל, גלייך ווי עפּעס אַן אינערלעכע שטים, איר אייגן געוויסן,
וואָלט זיך אויסגעטיילט פון איר און זיך אַלס קינד פאַרשטעלט,
אַלס איר אייגן קינד, וואָס וואָרנט זי און שפּאָט פון איר. ביז
אַצינד איז דאָסדאָזיקע קינד געווען לעבן איר לעבן אַ צירונג, אַ
שפּילצייג, אַ ליב און צוטריטלעך וועזן, טיילמאָל אפשר אַ לאַסט,
אָבער דאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז געגאַנגען אין דער זעלבער
ריכטונג, אין זעלבן טאַקט מיט איר לעבן. און היינט האָט דאָס-
דאָזיקע וועזן צום ערשטן מאָל איר ווידערשפּעניקט און זיך אַקעגנ-
געשטעלט איר ווילן, עפּעס ווי שנאה האָט זיך אין איר אַצינד
דערוועקט באַם געדאַנק וועגן איר קינד.
אָבער דאָך: אַצינד, בעת זי האָט זיך, אַ מידע, אַראָפּגע-
לאָזט פון די שטיגן, האָט די קינדישע שטים געקלונגען פון איר
אייגענער ברוסט אַרויס. „דו זאָלסט דיך היטן פאַר אים“, — די
וואָרנונג האָט זיך נישט געלאָזט פאַרטויבן. מיטאַמאָל האָט איר
אין פאַרבייגיין אַ גלאַנץ געטון אַנטקייגן אַ שפּיגל, זי האָט זיך
אָפּגעשטעלט און אַריינגעבליקט מיט אַ פרעגנדיקן אויסדרוק, וואָס
אַמאָל שאַרפער און שאַרפער, ביז ס'האָבן זיך דאָרט אינעווייניק
די ליפּן פונאַנדערגעעפנט מיט אַ לייכטן שמייכל און זיך אויסגע-
בויגן, ווי אַרויסצוברענגען אַ געפערלעך וואָרט. די שטים אין איר
האָט נאָך אַלץ געקלונגען; נאָר זי האָט שטאָלץ אַ הייב געטון
די אַקסלען, גלייך ווי זי וואָלט וועלן אַראָפּטרייסלען פון זיך די-
דאָזיקע אַלע אומדייטלעכע ספקות, זי האָט אַ וואָרף געטון אין

שפיגל אַריין אַ קלאָרן בליק, לייכט מיט דעם אָנטשלאָסענעם זשעסט פון אַ שפּילער, וואָס שליידערט אַנידער אויפן טיש זיין לעצטן גאָלד־שטיק.

## טריט אין לבנה־שיין.

דער קעלנער, וואָס האָט עדגאַרן אַריינגעבראַכט דאָס עסן אין זיין שטוב־אַרעסט, האָט צוגעשלאָסן די טיר. דאָס שלאָס האָט געקנאַקט הינטער אים. דאָס קינד איז צאָרנדיק אויפגעשפּרונגען: דאָס איז זיכער געשען לויט זיין מוטערס באַפעל, אַז מען זאָל אים פאַרשפּאַרן, ווי אַ שעדלעכע חיה. אַ ווילדער כעס האָט זיך דער־וועקט אין אים.

„וואָס קומט פאָר דאָרט אונטן, אין דער צייט, וואָס איך בין דאָ איינגעשלאָסן? וואָס קאָנען דאָרט איצט זיך אָפּשמועסן די דאָזיקע ביידע? אפשר קומט דאָרט גאָר פאָר אַצינד ענדלעך דאָס סודותדיקע, און איך מוז דאָ זיצן און עס פאַרשפּעטיקן? אָ, דער דאָזיקער סוד, וועלכן איך שפּיר שטענדיק אין אומעטום, בעת איך געפין מיך צווישן דערוואַקסענע; דער סוד, פאַר וועלכן זיי שליסן צו די טיר באַנאַכט; וועלכן זיי דערטרינקען אין אַ שטיל געשפּרעך, אויב איך טרעט פּלוצלינג אַריין אין צימער; דער דאָזיקער גרוי־סער סוד, וועלכער איז מיר אַצינד שוין עטלעכע טעג אַזוי נאָענט, האַרט אונטער דער האַנט, און וועלכן איך קאָן דאָך נאָך אַלץ נישט אָנטאַפּן! וואָס האָב איך שוין אַלץ נישט געטון, אום צו דער־גיין! איך האָב באַם פּאַפּאַ אַרויסגעגנבעט ביכער פונעם שרייב־טיש און זיי געלייענט, און אין זיי זענען געווען די אַלע דאָזיקע מערק־ווירדיקע זאַכן, נאָר איך האָב זיי נישט פאַרשטאַנען. עס מוז עפּעס זיין אַ מין זיגל, וועלכן מ׳דאַרף פריער אויפחתמענען, כדי דעם סוד צו געפינען; דערדאָזיקער זיגל איז אפשר אין מיר, אפשר אין זיי. איך האָב דאָס דינסטמיידל געפרעגט, זי געבעטן, מיר צו

דערקלערן יענע שטעלן אין די ביכער, אָבער זי האָט מיך אויסגעלאַכט. ס'איז שרעקלעך אַ קינד צו זיין, פול מיט נייגיריקייט און דאָך נישט צו טאָרן באַ קיינעם פרעגן, שטענדיק אויסצוזען לעכערלעך פאַר די דערוואַקסענע, גלייך ווי מ'וואָלט געווען עפעס אַ נאַרישע און אומנוצלעכע זאַך. אָבער איך וועל אים דערגיין, איך פיל, אַז איך וועל אים אַצינד באַלד וויסן. איין טייל איז שוין באַ מיר אין די הענט, און איך וועל נישט פריער אָפּשטיין, ביז איך וועל באַזיצן דאָס גאַנצע!"

ער האָט זיך איינגעהאָרכט, אויב ס'קומט נישט קיינער. אַ לייכטער ווינט איז דורכגעלאָפן אינדרויסן דורך די ביימער און איבערגעבראָכן צווישן די צווייגן דעם פאַרגליווערטן שפּיגל פונם לבנה-שיין אויף הונדערטער צאַפּלענדיקע ברעקלעך.

„עפּעס נישט קיין גוטס מוז שטעקן אין דעם, מיט וועלכן די ביידע טראָגן זיך אַרום, ווען נישט וואָלטן זיי זיך נישט באַנוצט מיט אַזעלכע פחדנישע ליגנס, כדי פון מיר לויז צו ווערן. געוויס, זיי לאַכן אַצינד פון מיר, די פאַרפלוכטע, וואָס זיי זענען ענדלעך מיינע פטור געוואָרן, אָבער איך וועל לאַכן דער לעצטער. ווי נאַריש דאָס איז פון מיין זייט, וואָס איך לאָז מיך דאָ איינשליסן, וואָס איך גיב זיי אפילו איין רגע פרייהייט, אָנשטאָט צו קלעבן אָן .ניי און זייער יעדע באַוועגונג באָכפּאָרשן. יאָ, איך ווייס, די דערוואַקסענע זענען תמיד אומפאָרזיכטיק און אויך זיי וועלן זיך אַליין אַרויסגעבן. זיי מיינען, אַז מיר זענען נאָך גאָר קליין און מיר שלאָפן תמיד אין אָוונט, זיי פאַרגעסן, אַז מ'קאָן זיך מאַכן שלאָפנדיק און דאָך זיך צוהערן. אַז מ'קאָן זיך פאַרשטעלן פאַר אַ נאַר און דאָך זייער קלוג זיין. דאָ נישט לאַנג, ווען מיין מומע האָט באַקומען אַ קינד, האָבן זיי עס געוואוסט פאָרויס אַ לאַנגע צייט פריער, נאָר פאַר מיר אין די אויגן האָבן זיי זיך כלומרשט געוואונדערט, גלייך זיי וואָלטן געווען איבערראַשט. אָבער איך האָב אויך געוואוסט דערפון, וואָרים מיט וואָכן צוריק האָב איך זיי געהערט רעדן וועגן דעם, איינמאָל אין אָוונט, ווען זיי האָבן געמיינט, אַז איך שלאָף. און אַזוי וועל איך אויך איצט אַרויסקריגן באַ זיי, באַ די דאָזיקע נידערטרעכטיקע. אַ, ווען איך זאָל קאָנען

נאָכשפּירן דורך דער טיר, שטילערהייט זיי נאָכקוקן, ווען זיי מיינען, אַז ס'זעט זיי קיינער נישט. זאָל איך אפשר אָנקלינגען, וועט קומען דאָס מיידל, וועט אויפשליסן די טיר און פרעגן, וואָס איך וויל. אָדער איך קאָן קלאַפּן, איך קאָן צעברעכן דאָס געשיר, וועט מען דאַן אויך אויפשליסן. און אין איין רגע קאָן איך מיך אַרויסשלייכן און זיי נאָכשפּירן. אָבער ניין, אויף אַזאַ אופן וויל איך נישט. ס'דאַרף קיינער נישט זען, ווי נידערטרעכטיק זיי באַהאַנדלען מיך. איך בין צו שטאָלץ דערצו. מאָרגן וועל איך מיך שוין אָפּרעכענען מיט זיי".

פון אונטן האָט זיך דערהערט אַ פרויען=געלעכטער. עדגאַר האָט זיך אַ דערשראָקענער צוזאַמענגעקורטשעט: דאָס איז מסתמא זיין מוטער. זי מעג טאַקע לאַכן, חוזק מאַכן פון אים, דעם קליינעם, הילפלאָזן, הינטערן וועלכן מען שליסט אָפּ די טיר. ווען ער ווערט לעסטיק: וועלכן מ'וואַרפט אַוועק אין אַ ווינקל, ווי אַ פּעקל נאַסע מלבושים. ער האָט זיך פאַרזיכטיק אַרויסגעבויגן דורכן פענצטער. ניין, דאָס איז נישט געווען זיין מוטער, נאָר פרעמדע צעלאָזענע מיידלעך, וועלכע האָבן זיך געריצט מיט אַ יונגעמאַן.

אין דערדאָזיקער רגע האָט ער מיטאַמאָל באַמערקט, אַז דאָס פענצטער פון זיין צימער איז אייגנטלעך גאָרנישט הויך פון דער ערד. און אין איין מינוט איז בײַ אים פאַרטיק געוואָרן אַ געדאַנק: אַרויסצושפּרינגען, גראָד אַצינד, ווען זיי פילן זיך איינגאַנצן זיכער, און זיי נאָכשפּירן. ער האָט געציטערט פאַר פרייד פון זיין באַשלוס. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, גלייך ער וואָלט דערמיט אָנגעכאַפּט מיט די הענט דעם גרויסן, פינקלדיקן סוד פון דער קינדהייט. „אַרויס, אַרויס", האָט עס געברויזט אין אים. עס האָט נישט געשטעקט דערביי קיין שום סכנה. קיינער איז נישט פאַרבייגעגאַנגען, און אין איין רגע איז ער אַרויסגעשפּרונגען. עס האָט זיך דערהערט אַ שטיל גערויש פון די קריצנדיקע זאַמדשטיינדלעך, אָבער קיינער האָט דאָס נישט פאַרנומען.

אין די לעצטע צוויי טעג איז דאָס נאָכשפּירן, דאָס נאָכלויערן געוואָרן פאַר אים דער גרעסטער פאַרלאַנג אין זיין לעבן.

און ער האָט אַצינד געפּילט אַ תענוג, געמישט מיט אַ לייכט צי-
טערן פאַר מורא, בעת ער האָט זיך מיט שטילע טריט געשלייכט
אַרום האָטעל, זאָרגפעלטיק אויסמיידנדיק די ערטער, וואו ס'האָט
שטאַרק אָפּגעשלאָגן די ליכט-אָפּשיין. ער האָט פאָרזיכטיק צוגע-
בויגן זיין פּנים צו דער שויב און אַריינגעקוקט אין עס-זאַל. איר
שטענדיקער פּלאַץ איז געווען ליידיק. ער האָט זיך געלאָזט זוכן
ווייטער, פון פענצטער צו פענצטער. אין האָטעל אַליין האָט ער
זיך נישט דערוואַגט אַריינצוגיין, אויס מורא, אַז ער קאָן זיי נאָך
אומדערוואַרט אַנטקעגנקומען אין קאָרידאָר. ער האָט זיי אין ער-
געץ נישט געקאָנט געפינען. ער האָט זיך שוין געוואָלט מיאש זיין,
מיטאַמאָל האָט ער דערזען צוויי שאָטנס זיך אַרויסרוקן פון דער
טיר און — ער איז אָפּגעשפּרונגען הינטערוויילעכטס און זיך אַ
צונויפגעקורטשעטער פאַרבאָרגן אין דער טונקלקייט. — זיין מו-
טער מיט איר אַצינד שטענדיקן באַגלייטער זענען אַרויסגעקומען.
הייסט עס, ער איז נאָך אָנגעקומען צו דער ריכטיקער צייט. וואָס
רעדן זיי? ער האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין. זיי האָבן גערעדט
שטיל און דער ווינט האָט צו אומרויק גערוישט צווישן די ביימער.
איצט אָבער האָט זיך דייטלעך דערטראָגן אַ געלעכטער, ס'איז
געווען זיין מוטערס קול. עס איז געווען אַ לאַכן, ווי ער האָט
פון איר קיינמאָל נישט געהערט, עפּעס אַ משונה-שאַרף, ווי אַ גע-
קיצלט, גערייצט און נערוועז לאַכן, וואָס האָט פאַר אים געקלונ-
גען פרעמד און פאַר וועלכן ער האָט זיך דערשראָקן. זי האָט גע-
לאַכט. הייסט עס, קאָן דאָ נישט שטעקן קיין געפאַר, נישט דאָס
גרויסע און געוואַלטיקע, וואָס מען האָט פאַר אים פאַרבאָרגן. ער-
גאַר איז געוואָרן אַ ביסל אַנטוישט.

אָבער פאַרוואָס האָבן זיי פאַרלאָזט דעם האָטעל? וואוהין
גייען זיי אַליין באַנאַכט? הויך אויבן האָבן זיך געמוזט אויס-
שפּרייטן ווינטן מיט ריזיקע פליגלען, וואָרים דער הימל, וועלכער
איז ערשט נישט לאַנג נאָך געווען ריין און מיט לבנה-ליכט באַ-
גאָסן, האָט זיך אַצינד פאַרטונקלט. טיילמאָל איז די לבנה פאַר-
הילט געוואָרן מיט שוואַרצע טיכער, וועלכע זענען געשליידערט
געוואָרן דורך אַן אומגעזעענע האַנט און דאַן איז די נאַכט געוואָרן

אַזוי נישט דורכדרינגלעך, אַז מען האָט קוים געקאָנט זעען דעם וועג, באַלד אָבער פלעגט ווידער העל ווערן, ווען די לבנה האָט זיך באַפרייט. זילבער האָט קיל געפלאָסן איבער דעם לאַנדשאַפט. סודותפול האָט אויסגעזען דאָסדאָזיקע שפיל צווישן ליכט און שאָטן און אויפרייצנדיק, ווי דאָס שפילן פון אַ פרוי מיט אָפדעקן און פאַרהילן. גראָד אַצינד האָט דאָס לאַנדשאַפט ווידער אַנטפּלעקט זיין גלאַנציק לייב: עדגאַר האָט דערזען איבער דער ברייט פון וועג די וואונדערלעכע סילועטן, אָדער בעסער, איין איינציקן, וואָרים זיי זענען געגאַנגען אַזוי צוגעפרעסט איינער צום אַנדערן, גלייך ווי אַן אינערלעכע שרעק וואָלט זיי ענג צוזאַמענגעפירט. אָבער וואוהין גייען זיי אַצינד, דידאָזיקעביידע? די סאָסנעס האָבן געקרעכצט, אַן אומהיימלעך גערויש האָט אָנגעפילט דעם וואַלד, גלייך ווי ס'וואָלט זיך דאָרט געטראָגן אַ ווילד געיעג. „איך וועל זיי נאָכגיין", האָט עדגאַר געטראַכט, „זיי קענען מיינע טריט נישט הערן אין דעמדאָזיקן גערויש פון ווינט און וואַלד". און אין דער צייט, ווען זיי זענען אונטן געגאַנגען אויף דעם ברייטן, מיט ליכט-באַגאָ'סענעם וועג, האָט ער אויבן אָנגעהויבן צו שפרינגען שטיל צווישן דעם געהילץ פון בוים צו בוים, פון שאָטן צו שאָטן. ער איז זיי נאָכגעגאַנגען מיט אַ פאַרביטערטער עקשנות, האָט געבענטשט דעם ווינט, וועלכער האָט פאַרטויבט פאַר זיי זיינע טריט, און גלייכצייטיק אים פאַרשאָלטן, ווייל ער האָט זייערע רייד פון אונטן אַוועקגעטראָגן. ער איז געווען זיכער, אַז ווען ער זאָל נאָר איינמאָל קענען הערן זייער שמועס, וואָלט ער שוין דעם סוד געוואוסט.

די ביידע אונטן זענען געגאַנגען אַן דעם מינדסטן חשד. זיי האָבן זיך געפילט גאַנץ אַליין אין דערדאָזיקער ווייטער, פאַרפלאָנטערטער נאַכט און האָבן זיך פאַרלוירן אין זייער שטייגנדיקער אויפגעבראויזטקייט. זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום אַגונג, אַז איבן אין דער פילפאַרצווייגטער טונקלקייט גייט מען נאָך זייער יעדן טריט און אַז צוויי אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין זיי מיט דער גאַנצער קראַפט פון שנאה און נייגעריקייט.

פלוצלינג זענען זיי שטיין געבליבן. אויך עדגאַר האָט זיך באַלד אָפּגעשטעלט און זיך צוגעדריקט צו אַ בוים. עס איז אים

נאַפּאַלן אַ גוואַלטיקער פּחד. וואָס וועט זיין, אויב זיי וועלן זיך אַצינד אומקערן און פריער פאַר אים אָנקומען צום האָטעל, איידער ער וועט זיך קענען אַריינקריגן אין זיין צימער און די מוטער וועט עס טרעפן ליידיק? דאַן וואָלט אַלץ געווען פאַרלוירן, דאַן וואָלטן זיי געוואוסט, אַז ער האָט זיי אין דער שטיל נאָכגעשפּירט און ער וואָלט שוין נישט געקאָנט מער האָפן, אַרויסצוקריגן פון זיי דעם סוד. אָבער די ביידע אונטן האָבן זיך געקווענקלט, זיי האָבן משמעות נישט געקאָנט קומען צו אַ הסכם. צום גליק האָט די לבנה העל געלויכטן און ער האָט געקאָנט אַלץ דייטלעך זען. דער באַראָן האָט אָנגעוויזן אויף אַ טונקעלן שמאָלן זייטנוועג, וועלכער האָט געפירט אַראָפּ אין טאָל, וואו די לבנה האָט נישט געפלאָסן, אַזוי ווי דאָ אויפן ברייטן וועג, מיט פולע ליכט-שטראָמען, נאָר טראָפּנווייז געטריפט מיט בלייכע שטראַלן דורכן געשטריַיך. „צוואָס וויל ער דאָרט אַראָפּגיין?" האָט עס אין עדגאַרן אַ צאַפּל געטון. זיין מוטער האָט אַפּנים געזאָגט „ניין", ער אָבער, דער באַראָן, האָט זי צוגערעדט. עדגאַר האָט לויטן אופן פון באַראָנס זשעסטיקולירן געקאָנט פאַרשטיין, ווי צודרינגלעך ער האָט גערעדט. אויפן קינד איז אָנגעפאַלן אַ מורא. וואָס וויל דערדאָזיקער מענטש פון זיין מוטער? פאַרוואָס וויל ער דווקא, דערדאָזיקער לומפּ, זי אַראָפּשלעפּן דאָרט אין דער פינצטערניש אַריין? אין זיין זכרון זענען פּלוצלינג אויפגעשוואומען לעבעדיקע בילדער פון זיינע ביכער אַרויס וועגן מאָרד, פאַרפירונג און פינצטערע פאַרברעכנס. ס'איז אָן ספק, אַז ער וויל זי דערהרגענען, און צוליב דעם האָט ער אים באַזייטיקט און זי דאָ אַהערגעבראַכט איינע אַליין. זאָל ער אפשר רופן נאָך הילף? רוצח! דאָס געשריי האָט אים שוין געשטעקט גאַנץ אויבן אין דער קעל, אָבער די ליפּן זענען געווען פאַרטרוקנט און נישט אימשטאַנד אַרויסצוברענגען קיין שום קלאַנג. זיינע נערוון זענען געוואָרן אָנגעשטרענגט פאַר אויפרעגונג, ער האָט זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס, אין שרעק האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן אַן אָנלען — און מיטאַמאָל האָט אַ צווייג אַ קנאַק געטון בײַ אים אונטער די הענט.

ביידע האָבן זיך אומגעקוקט דערשראָקן און געגלאָצט אין

דער טונקלקייט אַריין. עדגאַר האָט שטילשווייגנדיק זיך צוגעדריקט צו אַ בוים, איינבייגנדיק זיין קליינעם קערפּער טיף אין שאָטן. עס איז אַריינגעטרעטן אַ טויט־שטילקייט. זיי זענען, משמעות, געווען דערשראָקן. „לאָמיר צוריקגיין", האָט ער געהערט זיין מוטער אַרויסזאָגן. אין איר קול האָט געקלונגען עפּעס אַ שרעק. דער באַראָן, אַפּנים אַליין אויך באַאומרויקט, האָט מסכּים געווען. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין לאַנגזאַם און ענג צוגעטוליעט צו אַנאַנדער צוריק אַהיים. זייער אינערלעכע צעטומלטקייט איז געווען פאַר עדגאַרן אַ גליק. ער האָט אָנגעהויבן קריכן אויף אַלע פיר גאַנץ נידעריק צווישן די ביימער, צערייסנדיק זיך דערביי די הענט, ביז צום סוף וואַלד, פון דאָרט האָט ער זיך געלאָזט לויפן מיט דער גרעסטער שנעלקייט, אַז ס'האָט אים שיער פאַרפעלט אָטעם, ביז צום האָטעל און מיט עטלעכע שפּרינגען איז ער געווען אויבן. דער שליסל, מיט וועלכן מ'האָט אים פאַרשפּאַרט, האָט גרעד אויף זיין הצלחה געשטעקט אין דער טיר פון דער דרויסנדיקער זייט, ער האָט אויפגעשלאָסן, זיך אַ וואָרף געטון אין צימער אַריין און גלייך אַרויף אויפן בעט. ער האָט זיך געמוזט אָפּרוען אַ פּאָר מינוט, וואָרים דאָס האַרץ האָט אים הילכיק געקלאַפּט אין דער ברוסט, ווי אַ גלאָקנצינגל אָן די זייטן פון גלאָק.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אויפגעהויבן, זיך אָנגעלענט אָן פענצטער און געוואַרט, ביז זיי וועלן קומען. עס האָט לאַנג געדויערט. זיי זענען מסתּמא געגאַנגען זייער לאַנגזאַם. ענדלעך האָט ער זיי דערזען זיך דערנענטערן אַהער גאַנץ לאַנגזאַם, באַגאָסענע מיטן לבנה־ליכט. ווי געשפּענסטער האָבן זיי אויסגעזען אינעם דאָזיקן גרינעם ליכט, און אים איז ווידער באַפאַלן דער זיסער פּחד, אויב דאָס איז אין דער אמתן אַ מערדער און פון וואָס פאַר אַ שרעקלעכער פּאַסירונג ער האָט פאַרהיטן מיט זיין אָנוועזנהייט. ער האָט אויפמערקזאַם אַריינגעקוקט אין זייערע קרייד־העלע פּנימער. אין זיין מוטערס פּנים איז געווען אַן אויסדרוק פון אַנטציקונג, אַזוי ווי ער האָט אין איר קיינמאָל נישט באַמערקט, דער באַראָן דאַקעגן האָט אויסגעזען שטייף און פאַרדראָסיק. געוויס דערפאַר, ווייל זיין פּלאַן האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.

זיי זענען צוגעקומען שוין גאַנץ נאַכט. ערשט נישט ווייט פון האָטעל האָבן זיך זייערע געשטאַלטן פונאַנדערגעטיילט. ווען זיי אַרויפקוקן? ניין, קיינער האָט נישט אַרויפגעבליקט. „זיי האָבן אָן מיר פאַרגעסן", האָט דאָס יינגל געטראַכט מיט אַ ווילדן צאָרן און גלייכצייטיק מיט אַ שטיל נצחון-געפיל, „אָבער איך אייך נישט. איר מיינט אוודאי, אַז איך שלאָף, אָדער עקזיסטיר גאָר אינגאַנצן נישט אויף דער וועלט, איר וועט אָבער דערזען אייער טעות. איך וועל אייער יעדן טריט אָפּהיטן, ביז איך וועל באַ אים, דעם לומפּ, האָבן אַרויסגעריסן דעם סוד, דעם שרעקלעכן סוד, וואָס לאָזט מיך נישט שלאָפן. איך וועל שוין צערייסן אייער בונד. איך שלאָף נישט".

פּאַמעלעך זענען זיי ביידע אַריינגעגאַנגען אין האָטעל. און בעת זיי זענען אַזוי איינער הינטער דעם אַנדערן דורכגעגאַנגען דורך דער טיר, האָבן זיך זייערע סילועטן אויף איין רגע לאַנג ווידער צוזאַמענגעגאָסן; זייער שאָטן האָט זיך צונויפגעשמאָלצן אין איין שוואַרצן שטרייף און איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער אָפענער, באַלויכטענער טיר. דאַן איז דער פּלאַץ פאַרן הויז ווי דער געבליבן ליגן אַ גלאַנצנדיקער אין לבנה-שיין, ווי אַ ברייט פעלד, באַדעקט מיט שניי.

## דער אָנפאַל.

עדגאַר איז האַסטיק-אָטעמענדיק אָפּגעטרעטן פון פענצטער. ער האָט זיך געטרייסלט פון שרעק. נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן איז ער נישט אַזוי נאָענט געווען צו ענלעכע סודותפולע זאַכן. די וועלט פון איפּרעגונגען, פון שפּאַנענדיקע פּאַסירונגען, יענע וועלט פון מאָרד און פאַרפירונג, וואָס האָט זיך געפונען אין זיינע ביכער, האָט אים זיין דמיון תמיד אויסגעמאָלט דאָרט, וואו ס'געפינען זיך די לעגענדאַרישע מעשהלעך, טיף הינטער די חלומות, אין דעם

נישט ווירקלעכן און אומדערגרייכבאַרן. איצט אָבער האָט זיך אים מיטאַמאָל אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אין דערדאָזיקער שוידערהאַפטיקער וועלט און זיין גאַנץ וועזן האָט זיך פיבערדיק געטרייסלט פון אַזאַ אומגעריכטער באַגעגעניש. ווער איז עס דערדאָזיקער סודותפולער מענטש, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אַריינגעריסן אין זייער רויקן לעבן? איז ער ווירקלעך אַ מערדער, וואָס ער זוכט נאָר תמיד די ווייט־אָפּגעזונדערטע מקומות און וויל אַהין פאַרשלעפּן זיין מוטער אין דער נאַכט־טונקלקייט? עס וועט געשען עפּעס שרעקלעכס, האָט זיך אים געדאַכט. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון. מאָרגן, דערין איז ער געווען פעסט אַנט־שלאָסן, וועט ער שרייבן צום פאָטער, אָדער גאָר טעלעגראַפירן. נאָר צי קאָן נישט אַמאָל עפּעס געשען נאָך אַצינד, נאָך היינטיקן אָוונט? נאָך איז זיין מוטער נישט אין איר צימער, נאָך געפינט זי זיך מיט דעמדאָזיקן פאַרהאַסטן, פרעמדן מענטש.

צווישן דער אינעווייניקסטער טיר און דער דרויסנדיקער, לייכט־באַוועגלעכער טאַפּעטן־טיר, האָט זיך געפונען אַ שמאָלער צווישן־חלל, נישט גרעסער, ווי דער חלל פון אַ קליידער־שאַנק. דאָרט אין דערדאָזיקער ענגער טונקלקייט האָט ער זיך אַריינגע־פּרעסט, כדי נאָכצושפּירן זייערע טריט אין קאָרידאָר. וואָרים אויף קיין איינציקע רגע, אַזוי האָט ער באַשלאָסן, וועט ער זיי נישט לאָזן אַליין. אַצינד אין האַלבער נאַכט איז דער קאָרידאָר געווען ליידיק, בלאָס באַלויכטן פון אַן איינציק לעמפּל.

ענדלעך — די מינוטן האָבן זיך אים אויסגעוויזן שרעקלעך לאַנג — האָט ער דערהערט אַרויפקומען פאָרזיכטיקע טריט. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צוגעהאָרכט. עס איז נישט געווען קיין דרייסט שפּרייזן, אַזוי ווי פון איינעם, וואָס לאָזט זיך גלייך צו זיין צימער, נאָר שלעפּעדיקע, קווענקלענדיקע, זייער איינגעהאַל־טענע טריט, אַזוי ווי אויף אַן אָן שיעור שווערן און משופּעדיקן וועג. אַלע ווײַלע אַ פליסטערן און אַ שטיין בלייבן. עדגאַר האָט געציטערט פאַר צעטראָגנקייט. זענען דאָס זיי ביידע, געפינט ער זיך נאָך אַלץ מיט איר? דאָס געפליסטער איז געווען צו ווייט. נאָר די טריט, הגם נאָך אַלץ אומאַנטשלאָסענע, זענען געקומען

וואָס אַמאָל נעכטער. און אַצינד האָט ער מיטאַמאָל דערהערט די פאַרהאַסטע שטים פון באַראָן שטיל און הייזעריק עפּעס זאָגן, וועל־כעס ער האָט נישט פאַרשטאַנען, און באַלד דערנאָך זיין מוטערס קול אין אַ שנעלן ווידערשטאַנד־טאָן:

„ניין, נישט היינט, ניין״.

עדגאַר האָט אויפגעציטערט. זיי זענען אָנגעקומען נענטער און ער האָט געקענט אַלץ הערן. יעדער זיך דערנענטערנדיקער טריט, ווי שטיל ער האָט געמעגט זיין, האָט אים עפּעס ווי אַ שטאָך געטון אין דער ברוסט. און דאַן די שטים — ווי העסלעך האָט זי זיך אים אויסגעוויזן, די דאָזיקע גיריק־געווינסזוכערישע, אָפּשטויסנדיקע שטים פונם פאַרהאַסטן! „זייט נישט אַזוי גרויזאַם. איר זענט אַזוי שיין היינטיקן אָוונט״. און דערויף ווידער די אַנ־דערע: „ניין, איך טאָר נישט, איך קען נישט, לאָזט מיך פריי״.

אין דער מוטערס קול האָט זיך געהערט אַזוי פיל פּחד, אַז דאָס קינד איז דערשראָקן געוואָרן. וואָס וויל ער נאָך פון איר? פאַרוואָס האָט זי מורא? זיי זענען צוגעקומען וואָס אַמאָל נענטער און האָבן זיך שוין געמוזט געפינען גאַנץ נאָענט פאַר זיין טיר. גאָר קנאַפּ הינטער זיי שטייט ער, אַ ציטערנדיקער און אומבאַ־מערקט, איין שפּאַן ווייט, פאַרשטעלט בלויז מיט אַ דינער וואַנט פון טוך, די שטימען זענען אַצינד געווען גאָר נאָענט.

„קומט, מאַטילדע, קומט!״ ער האָט ווידער דערהערט זיין מוטערס אָפּזיפצן, אַצינד שוין שטילער, אין אַ שוואַכן ווידער־שטאַנד.

אָבער וואָס איז דאָס! זיי האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער אין דער טונקלקייט. זיין מוטער איז נישט אַריין אין איר צימער, נאָר פאַרבייגעגאַנגען! וואוהין שלעפּט ער זי? פאַרוואָס רעדט זי נישט מער? האָט ער איר דאָס מויל פאַרשטאָפּט, דריקט ער איר צו דעם האַלז?

די געדאַנקען האָבן אים געמאַכט ווילד. מיט אַ ציטערנדי־קער האַנט האָט ער אויפגעעפנט די טיר אויף אַ שפּאַן ברייט. אַצינד האָט ער זיי ביידע דערזען אין טונקעלן קאָרידאָר. דער באַראָן האָט מיט זיין אָרעם געהאַלטן אַרומגענומען די מוטער

אַרום דער טאַליע, עס האָט אויסגעוויזן, ווי זי וואָלט שוין נאָכ־געגעבן און ער האָט זי שטיל געפירט ווייטער. צוקומענדיק צו זיין ציטער, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, „ער וויל זי אוועקשלעפּן", האָט זיך דאָס קינד דערשראָקן, „איצט וויל ער דאָס שרעקלעכע אויספירן".

אַ ווילדער שפּרונג, ער האָט שנעל צוגעהאַקט די טיר און זיך געלאָזט לויפן נאָך זיי ביידע. זיין מוטער האָט אַ געשריי געטון, זעענדיק ווי עמעצער פון דער טונקלקייט אַרויס לאָזט זיך גלייך צו איר. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט פאַלן אין אָנמאַכט, קוים אונטערגעהאַלטן פון באַראָן. דער באַראָן אָבער האָט אין דער דאָזיקער רגע דערפילט אויף זיין פּנים אַ קליינע, שוואַכע פויסט, וואָס האָט אים אַ שטויס געטון די ליפּן אָן די ציין; עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט זיך קעציש איינגעקלאַמערט אין זיין קערפּער. ער האָט שנעל אָפּגעלאָזט די איבערגעשראָקענע, וועלכע איז שנעל אַנטלאָפן, און נאָך איידער ער האָט געוואוסט, קייגן וועמען ער ווערט זיך, האָט ער אָנגעהויבן צוריקצושלאָגן בלינד מיט דער פויסט.

דאָס קינד האָט איינגעזען, אַז ער איז דער שוואַכערער, נאָר עס האָט נישט נאָכגעגעבן. ענדלעך איז אָנגעקומען די מינוט, די לאַנג־באַגערטע, שטורמיש אויסצוגיסן די גאַנצע אָנגעזאַמלטע שנאה אויפן קאָפּ פונם פאַררעטער. ער האָט בלינד געשלאָגן מיט זיינע קליינע פויסטן, פאַרביסן די ליפּן אין אַ פיבערדיקער, זינלאָזער צערייצטקייט. דער באַראָן האָט אים באַלד דערקענט און אויך אין אים האָט אויפגעפלאַמט אַ שנאה צום דאָזיקן שטילן שפּיאָן, וואָס האָט אים די לעצטע טעג פאַרביטערט און דאָס שפּיל פאַרדאָרבן. ער האָט צוריקגעשלאָגן פעסט, וואוהין ער האָט אָנגעטראָפן. עדגאַר האָט אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ, אָבער נישט אָפּגעלאָזט און נישט געשריגן נאָך הילף. זיי האָבן זיך אַזוי געראַנגלט אַ מינוט לאַנג אין דעם טונקעלן קאָרידאָר. ביסלעכווייז איז דעם באַראָן קלאָר געוואָרן די לעכערלעכקייט פון זיין קאַמף מיט אַ האַלב־דערוואַקסענעם יינגל, ער האָט אים פעסט אָנגעכאַפּט, כּדי אים אַוועקצושליידערן פון זיך. נאָר דאָס קינד, דער־

שפּירנדיק ווי זיינע מוסקולן ווערן שוואַך און אַז באַלד וועט ער זיין דער באַזיגטער און געשלאָגענער, האָט אין ווילדן צאָרן אָנגעכאַפּט מיט די ציין דידאָזיקע שטאַרקע, פעסטע האַנט, וואָס האָט אים געוואָלט אָננעמען באַם נאַקן. נישט ווילנדיק האָט דער געביסענער אַרויסגעלאָזט אַ טויב געשריי און האָט אָפּגעלאָזט אויף אַ סעקונדע, וועלכע דאָס קינד האָט אויסגענוצט, כּדי צו אַנטלויפן אין זיין צימער און דעם ריגל צו פאַרהאַקן.

איין מינוט בלויז האָט געדויערט דערדאָזיקער מיטן-נאַכטיקער קאַמף. קיינער פון רעכטס אָדער לינקס האָט אים נישט געהערט. אַלץ איז שטיל, אַלץ זעט אויס, ווי אין שלאָף פאַרזונקען. דער באַראָן ווישט אָפּ די בלוטיקנדיקע האַנט מיטן טאַשנטוך, קוקט זיך אומרויק אַרום אין דער טונקלקייט. ס׳האָט קיינער נישט געהערט. בלויז אויבן בלינצלט — אים האָט זיך געדאַכט: שפּאָטיש — דאָס לעצטע אומרויקע ליכט.

## שטורם.

„איז דאָס געווען אַ חלום, אַ בייזער, געפערלעכער חלום?" האָט עדגאַר צומאָרגנס געפרעגט זיך אַליין, בעת ער האָט מיט צעשויבערטע האָר אויפגעוואַכט פון אַ קאָשמאַר פול שרעק. אין קאָפּ האָט ער געשפּירט אַ טויב גערויש, אין די אברים אַ פאַרגליווערט, הילצערן געפיל. און וואַרפנדיק אַ בליק אויף זיך, האָט ער באַמערקט מיט שרעק, אַז ער ליגט אַן אָנגעטוענער אין די קליידער. ער איז אויפגעשפּרונגען, וואַקלענדיק זיך צוגעשלייכט צום שפּיגל און איז באַלד אָפּגעשפּרונגען צוריק אַ דערשראָקענער, דערזעענדיק זיין בלייך און אויסגעקרימט פּנים מיט דעם רויטלעך אויפגעשוואָלענעם צעביילטן שטערן. ער האָט מיט גרויס מי צוזאַמענגענומען זיינע געדאַנקען און מיט שרעק זיך דערמאָנט אָן אַלץ: דעם באַנאַכטיקן קאַמף דרויסן אין קאָרידאָר, דאָס אַנטלויפן אין

צימער אַריין, און ווי ער האָט דאַן אַ ציטערנדיקער אין פיבער, נישט אויסגעטוועגערהייט און גרייט צו אַנטלויפן זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט. דאָרט האָט ער געמוזט איינשלאָפן, פאַרזונקען אינם דאָזיקן טעמפן, פינצטערן שלאָף, און אין די חלומות האָט זיך אַלץ נאָכאַמאָל איבערגעחזרט, נאָר אַנדערש און נאָך שרעקלעכער, דערצו נאָך מיט אַ פייכטן ריח פון פריש, פליסנדיק בלוט.

פון אונטן האָבן זיך דערטראָגן טריט, קריצנדיק איבער די זאַמד-שטיינדלעך, שטימען זענען אַרויפגעפלויגן, ווי אומגעזעענע פייגל און די זון האָט זיך פאַרקליבן טיף אין צימער אַריין. עס האָט שוין געמוזט זיין גאָר שפּעט אויפן טאָג, נאָר דער זייגער, אויף וועלכן ער האָט מיט שרעק אַ קוק געטון, האָט געוויזן אויף האַלבער נאַכט, ער האָט נעכטן אין דער אויפרעגונג פאַרגעסן אים אָנצוציען. און דידאָזיקע אומקלאָרקייט, דאָס הענגען אומבאַוואוסט אין דער צייט, האָט אים באַאומרויקט, און זיין אומרויקייט האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט דורכן געפיל פון נישט-קלאָרקייט, וואָס אייגנטלעך ס'איז געשען! ער איז שנעל פאַרטיק געוואָרן מיט זיך און איז אַראָפּגעגאַנגען מיט אַ שטיל שולדיקייט-געפיל אין האַרץ.

אין פרישטיק-צימער איז זיין מאַמאַ געזעסן אַליין באַ איר שטענדיקן טיש. עדגאַר האָט לייכט אויפגעאָטעמט, וואָס זיין שונא איז נישט אַנוועזנד, וואָס ער דאַרף נישט אָנקוקן זיין פאַרהאַסט פנים, וואָס ער האָט נעכטן אין צאָרן געשלאָגן מיט דער פויסט. און דאָך, ווי נאָר ער האָט זיך דערנענטערט צום טיש, האָט ער זיך דערפילט אומזיכער.

„גוט מאָרגן", האָט ער באַגריסט.

זיין מוטער האָט נישט אָפּגעענטפערט. זי האָט אפילו נישט אויפגעהויבן דעם בליק, נאָר געקוקט מיט משונה-פאַרגליווערטע שוואַרץ-אַפּלען ווייט אויף דעם לאַנדשאַפט. זי איז געווען זייער בלייך, אונטער די אויגן האָט זי געהאַט לייכטע קנייטשן און אַרום די נאָז-לעפּלעך יענע נערוועזע ציטערן, וואָס האָט תמיד געגעבן צו דערקענען איר צערייצטקייט. עדגאַר האָט פאַרביסן די ליפּן.

דאָסדאָזיקע שטילשווייגן האָט אים צעטומלט. ער האָט אייגנטלעך
נישט געוואוסט, צי ער האָט דעם באַראָן נעכטן שטאַרק צעשלאָגן
און צי זי ווייסט גאָר איבערהויפּט וועגן דעמדאָזיקן באַנאַכטיקן
צוזאַמענשטויס. און דידאָזיקע אומזיכערקייט האָט אים געפּייניקט.
נאָר איר פּנים איז נאָך אַלץ געבליבן אַזוי פאַרגליווערט, אַז ער
האָט זיך נישט דערוועגט אַ קוק צו טון אויף איר, אויס מורא, אַז
די אַצינד אַראָפּגעזונקענע אויגן וועלן פּלוצלינג אויפשפּרינגען פון
הינטער די אויגן=הייטלעך און וועלן אים אָנכאַפּן. ער איז געוואָרן
גאַנץ שטיל, האָט מורא געהאַט צו מאַכן דאָס קלענסטע גערויש,
זייער פאָרזיכטיק האָט ער אויפגעהויבן די קאַווע=שאָל און זי ווי=
דער אַנידערגעשטעלט, וואַרפנדיק בגנבה אַ בליק אויף זיין מוטערס
פינגער, וואָס האָבן זיך זייער נערוועז געשפּילט מיט אַ לעפל און
מיט זייער אויסגעקרומטקייט געגעבן צו דערקענען אַ פאַרבאָרגענעם
צאָרן. אַ פערטל שעה איז ער אַזוי געזעסן אין דעם געדריקטן גע=
פיל פון דערוואַרטונג אויף עפּעס, וואָס איז נישט געקומען. קיין
וואָרט, קיין איינציק וואָרט האָט אים נישט דערלייכטערט. און
אַצינד, בעת זיין מוטער איז אויפגעשטאַנען, נאָך אַלץ מיט דעם
אויסזען, ווי זי וואָלט אים גאָרנישט באַמערקט, האָט ער נישט גע=
וואוסט וואָס ער זאָל טון : בלייבן זיצן דאָ אַליין באַם טיש, אָדער
איר נאָכגיין. ענדלעך האָט ער זיך דאָך אויפגעהויבן, הכנעהדיק
נאָכגעגאַנגען דער מוטער, וועלכע האָט בכיוון זיך געמאַכט,
גלייך ווי זי זעט אים נישט, און ער האָט דערביי געשפּירט, ווי
לעכערלעך זיין נאָכשלעפּן זיך זעט אויס. ער האָט כסדר פאַרקלע=
נערט זיינע טריט, כדי וואָס ווייטער צו בלייבן הינטער איר. זי,
נישט אומקוקנדיק זיך אפילו אויף אים, איז אַריין אין איר צימער.
ווען עדגאַר איז ענדלעך נאָכגעגאַנגען, איז ער געבליבן שטיין פאַר
אַ פעסט=פאַרשלאָסענער טיר.

וואָס איז פאָרגעקומען ? ער האָט אויפגעהערט צו פאַרשטיין.
דאָס זיכערע באַוואוסטזיין פון נעכטן האָט אים פאַרלאָזט. איז ער
טאַקע אומגערעכט געווען נעכטן מיט דעמדאָזיקן אָנפאַל ? און
גרייטן זיי צו פאַר מיר אַ שטראָף, אָדער אַ נייע דערנידערונג ?
עפּעס מוז געשען, דאָס האָט ער געפילט, עפּעס שרעקלעכס מוז

גאַר אינגיכן געשען. צווישן זיי האָט געהערשט די שטיקנדיקייט, ווי פאַר אַן אָנקומענדיקן שטורם, די עלעקטרישע געשפּאַנטקייט פון צוויי פּאָלוסן, וועלכע מוז זיך אויסגיסן אין אַ בליץ. און דידאָזיקע לאַסט פון פאַרגעפּיל האָט ער אין פאַרלויף פון פיר אײנזאַמע שעהן ארומגעשלעפּט מיט זיך פון צימער צו צימער, ביז זיין קליינער, קינדערישער באַקן איז איינגעבויגן געוואָרן אונטער דער אומזעבאַרער משא, און ער איז מיטאָג־צייט, שוין גאַנץ הכנעהדיק, צוגעקומען צום טיש.

„גוטן טאָג", האָט ער ווידער געזאָגט. ער האָט געמוזט צערייסן דאָסדאָזיקע שטילשווייגן, דאָסדאָזיקע שרעקלעך־דראָענדיקע שטילשווייגן, וואָס איז איבער אים געהאָנגען, ווי אַ שוואַרצער וואָלקן.

ווידער האָט די מוטער נישט געענטפערט, ווידער האָט זי זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. און מיט אַ פּלוצלינגדיקער שרעק האָט עדגאַר דערפילט אַן אויסגערעכנטן, ווי אַ פויסט צונויפגעפּרעסטן צאָרן, אַזעלכן, ווי ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געקענט. ביז אַהער זענען זייערע מחלוקות אַנטשטאַנען נאָר דורך אַ כּעס, וואָס האָט געשטאַמט מער פון די נערוון, ווי פון געפיל, און זענען שנעל איבערגעגאַנגען אין אַ שמייכלען פון באַרויקונג. דאָסמאָל אָבער האָט ער — דאָס האָט ער געשפּירט — אויפגעוועקט אַ ווילד געפיל אויף דער סאַמע דעק פון איר וועזן און ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דערדאָזיקער אומפאַרזיכטיק אַרויסגערופענער קראַפט. ער האָט קוים געקענט עסן. אין זיין קעל האָט זיך פאַרקליבן עפּעס אַ טרוקנקייט, וועלכע האָט אים שנעל דערשטיקט. זיין מוטער האָט אויסגעזען, גלייך זי וואָלט דאָס אַלץ גאָרנישט באַמערקט. נאָר אַצינד, באַם אויפשטיין, האָט זי זיך אַ ווענד געטון צו אים, ווי דורך אגב און געזאָגט:

„קום שפּעטער אַרויף, עדגאַר, איך האָב מיט דיר עפּעס צו רעדן".

איר טאָן איז געווען נישט דראָענדיק, נאָר דאָך אַזוי אייזקאַלט, אַז די ווערטער האָבן אַרויסגערופן בײַ עדגאַרן אַ שווידער, גלייך ווי מ'וואָלט אים פּלוצלינג אַרויפגעלייגט אַן אייזערנע קייט

אַרום האַלז. זיין ווידערשפּעניקונג איז געווען צעטרעטן. שווייגנדיק, ווי אַ געשלאָגענער הונט, איז ער איר נאָכגעגאַנגען אַרויף אין צימער.

זי האָט אים פאַרלענגערט זיינע יסורים דערמיט, וואָס זי האָט עטלעכע מינוטן שטילגעשוויגן. מינוטן, בעת וועלכע ער האָט געהערט דעם זייגער קליגגען און אַ קינד אינדרויסן לאַכן און דאָס קלאַפּן פון זיין אייגן האַרץ, ווי מיט האַמערס אין דער ברוסט. אָבער אויך אין איר האָט געמוזט זיין אַ גרויסע אומזיכערקייט, וואָרים זי האָט אים נישט אָנגעקוקט, רעדנדיק אַצינד צו אים, נאָר אויסגעדרייט זיך צו אים מיטן רוקן.

„איך וויל נישט מער רעדן וועגן דיין נעכטיקער אויפפירונג. עס איז געווען אומדערהערט און איך שעם מיך אַצינד, אַז איך דערמאַן מיך וועגן דעם. די פאָלגן דערפון וועסטו אַליין טראָגן. איך וויל דיר אַצינד בלויז זאָגן, אַז דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס דו האָסט דיך געפונען צווישן דערוואַקסענע. איך האָב טאַקע ערשט נישט לאַנג געשריבן צו דיין פּאַפּאַ, אַז מען זאָל דיר געבן אַ דערציער, אָדער מ'זאָל דיך אַוועקשיקן אין אַ פּאַנסיאָן, כדי דיך אויסצולערנען, ווי אַזוי מ'דאַרף זיך אויפפירן. איך וועל מיר נישט מער אָפּעסן מיט דיר דאָס האַרץ".

עדגאַר איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט געשפּירט, אַז דאָס איז בלויז געווען אַן הקדמה, אַ דראָאונג, און ער האָט מיט אומרויקייט געוואַרט אויף דעם עיקר.

„דו וועסט דיך אַצינד באַלד אַנטשולדיקן פאַרן באַראָן".

עדגאַר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָבער זי האָט זיך נישט געלאָזט איבעררייסן די רייד.

„דער באַראָן איז היינט אַוועקגעפאָרן און דו וועסט אים שרייבן אַ בריוו, וועלכן איך וועל דיר דיקטירן".

עדגאַר האָט זיך ווידער אַ ריר געטון, אָבער זיין מוטער האָט זיך געהאַלטן פעסט.

„קיין שום טענות. דאָ האָסטו פּאַפּיר און טינט, זעץ דיך אַנידער".

עדגאַר האָט געוואָרפן אויף איר אַ בליק. אירע אויגן זענען געווען פאַרהאַרטעוועט מיט אַ נישט־בויגזאַמער אַנטשלאָסנקייט. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען זיין מוטער אַזעלכע, אַזוי האַרט און געלאַסן. עס איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ מורא. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, גענומען די פעדער און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ טיף איבערן טיש.

„אויבן דאָס דאַטום. שוין? פאַרן טיטל איין שורה ליידיק לאָזן. אַזוי! זייער געערטער הער באַראָן! אויסרוף־צייכן. ווידער אַ שורה דורכלאָזן. איך דערוויס מיך גראָד אַצינד צו מיין באַדויערן — שוין? — צו מיין באַדויערן, אַז איר האָט דעם זעממערינג שוין פאַרלאָזן, — זעממערינג מיט צוויי ממ'ן — און דעריבער מוז איך שריפטלעך טון דאָס, וואָס איך האָב בדעה געהאַט צו טון פערזענלעך, נעמלעך — אַ ביסל שנעלער, ס'מוז נישט דווקא זיין קאַליגראַפיש! — איך בעטן אַנטשולדיקונג פאַר מיין נעכטיקער אויפפירונג. ווי מיין מוטער האָט אייך שוין געזאָגט, האַלט איך איצט ערשט באַם גענזונט ווערן נאָך אַ שווערער קראַנקהייט און איך בין זייער צערייצט. איך זע דעריבער אָפּטמאָל זאַכן, וואָס זענען זייער איבערגעטריבן און אויף וועלכע איך האָב גלייך חרטה. . ."

דער איינגעבויגענער רוקן איבערן טיש האָט געטון אַ שפרונג אויף. עדגאַר האָט זיך אַוועקגעדרייט: זיין ווידערשפעניקייט האָט ווידער דערוואַכט.

„דאָס שרייב איך נישט, דאָס איז נישט אמת!"

„עדגאַר!"

אין איר שטים האָט געקלונגען אַ דראָונג.

„עס איז נישט אמת. איך האָב נישט געטון אַזעלכעס, אויף וואָס איך זאָל מיך דאַרפן אַנטשולדיקן. איך בין נאָר דיר צו הילף געקומען, ווען דו האָסט גערופן!"

אירע ליפן זענען געוואָרן בלוטלאָז, די נאָז־לעפלעך זענען געוואָרן געשפאַנט.

„איך האָב גערופן נאָך הילף? דו ביסט פאַרריקט!" עדגאַר איז געוואָרן צאָרנדיק. ער איז האַסטיק אויפגעשפרונגען.

„יאָ, דו האָסט גערופן נאָך הילף, דאָרט אינדרויסן אין

קאַרידאָר, נעכטן באַנאַכט, ווען ער האָט דיך אָנגעכאַפּט. „לאָזט מיך, לאָזט מיך", האָסטו געשריגן. אַזוי הויך, אַז איך האָב עס גע-הערט אינעווייניק אין צימער".

„דו זאָגסט ליגנס, איך בין קיינמאָל נישט געווען מיטן באַראָן אין קאָרידאָר. ער האָט מיך נאָר באַגלייט ביז צו די שטיגן..."

אין עדגאַרן האָט דאָס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן באַם דאָזיקן דרייסטן ליגנס. דאָס לשון האָט זיך אים פאַרהאַקט, ער האָט זי אָנגעקוקט פאַרגליווערט מיט גלעזערנע אויגן.

„דו... ביסט נישט געווען... אין קאָרידאָר? און ער... האָט דיך נישט צוגעהאַלטן? נישט אָנגעכאַפּט מיט געוואַלט?"

זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געלעכטער. אַ קאַלט, טרוקן גע-לעכטער.

„ס'האָט זיך דיר געחלומט".

דאָס איז שוין געווען צופיל פאַר אַ קינד. ער האָט שוין געוואוסט אויך ביז אַצינד, אַז די דערוואַקסענע זאָגן ליגנס, אַז זיי באַנוצן זיך מיט קליינע, דרייסטע אויסריידן, מיט ליגנס, וואָס גליטשן זיך דורך צווישן ענגע שלייפן, מיט קונציקע צווייטייטי-קייטן. אָבער דאָסדאָזיקע פרעכע, קאַלטע אָפּלייקענען פנים אל פנים, האָט אים געמאַכט ווילד.

„און דידאָזיקע בייל דאָ האָט זיך מיר אויך געחלומט?"

„ווער ווייסט, מיט וועמען דו האָסט דיך אַרומגעשלאָגן. אָבער איך דאַרף גאָרנישט פירן מיט דיר קיין שום וויכוחים, דו מוזט מיך פאָלגן און די זאַך איז געענדיקט. זעץ דיך אַנידער און שרייב!"

זי איז געווען זייער בלייך און האָט זיך באַמיט מיט די לעצטע כוחות איר פעסטקייט צו דערהאַלטן.

נאָר אין עדגאַרן האָט זיך עפּעס ווי אויסגעלאָשן. עפּעס ווי אַ לעצט פלעמל פון גלויביקייט. אַז מען קאָן דעם אמת אַזוי פשוט צעטרעטן מיט די פיס, ווי אַ ברענענדיק צינד-העלצל, דאָס האָט ער נישט געקאָנט סובל זיין. אַלץ אין אים האָט זיך צוזאַמענגעצויגן, ווי פון אַן אייזיקער קעלט, און שטע-

בעדיק, בייז, צערייצט איז געוואָרן אַלץ, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט:

„אַזוי, דאָס האָט זיך מיר געחלומט? דאָס אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין קאָרידאָר און דידאָזיקע בייל דאָ? און אַז איר האָט געכטן באַם לבנה־שיין שפּאַצירט, און אַז ער האָט דיך געוואָלט אַראָפּפירן פון וועג, דאָס האָט זיך מיר אפשר אויך געחלומט? דו מיינסט, איך וועל מיך לאָזן איינשליסן אין צימער, ווי אַ קליין קינד! ניין, איך בין נאָך נישט אַזוי נאַריש, ווי דו מיינסט. איך ווייס, וואָס איך ווייס".

ער האָט איר פרעך אַריינגעקוקט אין פּנים, און דאָס האָט צעבראָכן איר באַהערשונגס־קראַפט: צו זעען דאָס פּנים פון איר אייגן קינד, אַזוי באַעגנט פאַר זיך און אויסגעקרומט פון שנאה. איר צאָרן האָט ווילד אויפגעפלאַקערט.

„אַוועק, דו וועסט באַלד שרייבן! אָדער...

„אָדער וואָס?..."

זיין שטים איז אַצינד געוואָרן אַרויסרופעריש־פרעך.

„אָדער איך וועל דיך שלאָגן, ווי אַ קליין קינד".

עדגאַר איז מיט אַ חוזק־מינע צוגעגאַנגען צו איר אַ טריט נענטער און זיך צעלאַכט.

דאָ איז אים שוין איר האַנט אַריינגעפאַלן אין פּנים. עדגאַר האָט אַ געשריי געטון. און ווי אייגער, וואָס טרינקט זיך און וואַרפט אַרום זיך מיט די הענט, אַזוי האָט ער, מיט אַ טויב געוויש אין די אויערן און מיט רויטע פינקען פאַר די אויגן, אָנגעהויבן בלינד צוריקשטויסן מיט די פויסטן. ער האָט געשפּירט, אַז ער טרעפט אָן אויף עפּעס ווייכס, דערנאָך האָט ער דערהערט אַ געשריי...

דורך דעמדאָזיקן געשריי איז ער ווידער צו זיך געקומען. ער האָט פּלוצלינג אַ קוק געטון אויף זיך אַליין און עס איז פאַר אים געוואָרן קלאָר דאָס מוראדיקע: אַז ער האָט זיין מוטער געשלאָגן. אַ פּחד איז אים באַפאַלן, בושה און שרעק, אַ דרינגנדיקער פאַרלאַנג, צו אַנטלויפן פונדאַנען, אין דער ערד איינצוזינקען, נאָר אַוועק, אַוועק, נאָר נישט צו בלייבן דאָ אונטער דידאָזי-

קע בליקן. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, שנעל אַראָפּ דורך די שטיגן, דאַן פון הויז אויף דער גאַס אַרויס, ווייטער, נאָך ווייטער, גלייך ס'וואָלטן אים נאָכגעיאָגט אַ מחנה ווילדע הינט.

## די ערשטע דערפאַרונג.

ווייט אונטן באַם וועג איז ער ענדלעך שטיין געבליבן. ער האָט זיך געמוזט אָנהאַלטן אָן אַ בוים, אַזוי שטאַרק האָבן אים געציטערט די גלידער פון שרעק און צעטראָגנקייט, אַזוי כאָרכלענדיק שווער האָט זיך אַרויסגעריסן באַ אים דער אָטעם פון דער אָנגעשטרענגטער ברוסט. הינטער אים איז געקומען נאָכצולויפן דער גרויל פאַר דער אייגענער טאַט, אָט האָט ער אים אָנגעכאַפּט באַ דער קעל און טרייסלט מיט אים אַהין און אַהער. וואָס זאָל ער אַצינד טון ? וואוהין אַנטלויפן ? אַז שוין דאָ אין דעם נאָענטן וואַלד, אַ פערטל שעה בלויז פונם הויז, וואו ער וואוינט, איז אים באַפאַלן דאָס געפיל פון פאַרלאָזנקייט. אַלץ האָט זיך אים אויסגעוויזן אַנדערש ווי פריער, פיינטלעכער, פרעמדער, זינט ער איז געבליבן אַליין און אָן הילף. דיביימער, וועלכע האָבן אים נאָך נעכטן ברידערלעך צוגעפליסטערט, האָבן זיך אַצינד מיטאַמאָל צוזאַמענגעצויגן אָנגעברוגזטע. און ווי פרעמד און אומבאַקאַנט מוז נאָך זיין דאָס אַלץ, וואָס שטייט אים ערשט פאַר ? דאָסדאָזיקע אַליינזיין אין דער גרויסער, אומבאַקאַנטער וועלט האָט דעם קינד פאַרשאַפט אַ קאָפּ-שווינדלען. ניין, ער קאָן עס נאָך נישט אויסהאַלטן, אַליין קאָן ער נאָך נישט אויסהאַלטן. אָבער צו וועמען זאָל ער אַנטלויפן ? פאַר זיין פאָטער האָט ער מורא געהאַט, וואָרים ער איז געוועזן לייכט צאָרנדיק צו ווערן, נישט צוגענגלעך און ער וואָלט אים צוריקגעשיקט. צוריקקומען האָט ער אָבער נישט געוואָלט, שוין בעסער זיך צו לאָזן אין דער געפערלעכער פרעמדקייט פונם אומבאַהאוסטן ; ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער וועט שוין קיינמאָל

נישט קענען זען זיין מוטערס פּנים, נישט צו טראַכטן דערבײַ, אַז
ער האָט עס מיט דער פויסט געשלאָגן.

דאָ איז מיטאַמאָל געקומען אויפן זכרון זיין באָבע, די דאָזיקע
אַלטע, גוטע, פריינטלעכע פרוי, וואָס האָט אים פון תמיד אָן פאַר-
צערטלט, שטענדיק אים באַשיצט, ווען ס'האָט אים אין דער היים
געדראָט אַ שטראָף, אָדער וועלכע ס'איז עוולה. ביי איר אין באַדן
וועט ער זיך באַהאַלטן. ביז דער ערשטער כּעס וועט פאַרבייגיין.
ער וועט דאָרט אָנשרייבן אַ בריוו צו די עלטערן און זיך אַנטשול-
דיקן.

פון דעם געדאַנק בלויז, שטיין צו בלייבן אין דער וועלט
איינער אַליין מיט זיין אומדערפאַרנקייט, איז ער דורך דעמדאָזיקן
איינעם פערטל שעה געוואָרן אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז ער האָט פאַר-
שאָלטן זיין שטאָלץ. דעמדאָזיקן נאַרישן שטאָלץ, וועלכן אַ פרעמ-
דער מענטש האָט דורך ליגנס אַריינגעטריבן אים אין בלוט. ער
וואָלט שוין נישט פאַרלאַנגט מער, ווי נאָר צו זיין דאָס קינד פון
פריער, געהאָרכזאַם, געדולדיק, אָן דער גאווה, פון וועלכער ער
פילט אַצינד די לעכערלעכע איבערגעטריבנקייט.

אָבער ווי אַזוי דערשלאָגט מען זיך קיין באַדן? ווי אַזוי
לויפט מען אַריבער דעם ווייטן, שעהן-לאַנגן וועג? ער האָט האַס-
טיק געעפנט זיין קליינע לעדערנע פאָרטעמאָנעטע, וועלכע ער האָט
שטענדיק געטראָגן בײַ זיך. גאָט צו דאַנקען, עס גלאַנצט נאָך דאָ
די נייע צוואָנציק-קראָנען-מטבע, וואָס ער האָט געקריגן געשענקט
צו זיין געבורטס-טאָג. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט באַשליסן
דאָס דאָזיקע געלט אויסצוגעבן. נאָר כּמעט יעדן טאָג האָט ער נאָכ-
געזען, צי עס איז נאָך דאָ, געקוואָלן פאַר נחת קוקנדיק דערויף,
געפילט זיך רייך דערמיט און תמיד פלעגט ער דאַן מיטן טאַשנ-
טיכל אַרומפּוצן די מטבע מיט אַ דאַנקבאַרער צערטלעכקייט, ביז זי
האָט געפינקלט, ווי אַ קליינע זון. אָבער — דער פלוצלינגער גע-
דאַנק האָט אים איבערגעשראָקן — וועט דאָס זיין גענוגנדיק? ער
איז שוין אַזוי פיל מאָל געפאָרן מיט דער באַן, נאָר עס איז אים
קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן וועגן דעם, אַז מען מוז
דערפאַר באַצאָלן, ווער שמועסט נאָך, וויפיל דאָס קאָן קאָסטן, איין

קראָן, אָדער הונדערט. צום ערשטן מאָל האָט ער דערשפּירט, אַז ס'זענען פֿאַראַן אויף דער וועלט אַזעלכע פֿאַקטן, וועגן וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט; אַז די אַלע פֿאַרשידענע זאַכן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, וועלכע ער האָט געהאַלטן צווישן די פֿינגער און מיט וועלכע ער האָט זיך געשפּילט, זענען אָנגעפּולט מיט עפּעס אַ מין חשיבות, פֿאַרמאָגן עפּעס אַ באַזונדערע באַדייטונג. ער, וואָס האָט זיך נאָך מיט אַ שעה צוריק געהאַלטן פֿאַר אַן אַלצוויסער, איז, דאָס האָט ער אַצינד געשפּירט, פֿאַרבייגעגאַנגען פֿאַר אַן אַ שיעור סודות און פֿראַגן, נישט לייגנדיק אויף זיי קיין אַכט און ער האָט זיך געשעמט, וואָס זיין נישטיקע חכמה האָט שוין באַם ערשטן שטאַפּל, וואָס פֿירט אין לעבן אַריין, אָנגעהויבן צו הינקען. ער איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער מרה-שחורהדיקער, וואָס אַמאָל זענען פֿאַמעלעכער געוואָרן זיינע אומזיכערע טריט אַראָפּ צום באַן-הויף. ווי אָפֿט האָט ער געחלומט פֿונם דאָזיקן אַנטלויפֿן, געטראַכט, שטורמיש זיך אַריינצוּוואַרפֿן אינעם לעבן, אַ קייזער צו ווערן, אָדער אַ קעניג, אַ סאָלדאַט, אָדער אַ דיכטער. און אָט קוקט ער אַהין אַ פֿאַרזאָרגטער אויף דעם קליינעם, העלגעפאַרבטן הויז און קלערט נאָר בלויז וועגן דעם, אויב די צוואַנציק קראָנען וועלן גענוגן אים אַהינצופֿירן צו זיין באָבע. די שינעס האָבן גלאַנצנדיקע זיך געצויגן ווייט אין דער וועלט אַריין, דער באַן-הויף איז געווען ליידיק און פֿאַרלאָזן. עדגאַר האָט זיך אומדרייסט צוגעשלייכט צו דער קאַסע און שטיל-פֿליסטערנדיק, אַז קיין זייטיקער זאָל נישט הערן, געפֿרעגט, וויפֿיל ס'קאָסט אַ קאַרטע קיין באַדן. אַ פֿאַרוואונדערט פּנים האָט אַרויסגעקוקט פֿון הינטער דעם טונקעלן פֿענסטערל, צוויי אויגן האָבן הינטער די ברילן געשמייכלט אויף דעם פֿאַרזאָרגטן קינד:

„אַ גאַנצע קאַרטע?"

„יאָ", האָט עדגאַר אַרויסגעשטאַמלט. אָבער אָן שום שטאָלץ, גיכער מיט מורא, אַז ס'וועט צופֿיל קאָסטן.

„זעקס קראָנען!"

„ביטע!"

מיט אַ דערלייכטערונג האָט ער אַהינגעשאָרט די גלאַנציקע,

הייס־געליבטע מטבע, ס'האָט צוריקגעקלונגען געלט, און עדגאַר האָט זיך מיטאַמאָל ווידער דערפילט אומגעווייגלעך רייך, בעת ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט דאָס ברוינע שטיקל טאָוול, וועלכעס האָט אים פאַרזיכערט די פרייהייט, און אין זיין טאַש האָט געקלונגען די פאַרטויבטע מוזיק פון זילבער.

דער צוג האָט באַדאַרפט אָנקומען אַהער אין צוואָנציק מינוטן אַרום, דאָס האָט ער זיך דערוואוסט פון פאַר־פּלאַן. עדגאַר האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, עטלעכע מענטשן זענען געשטאַנען אויפן פעראָן, אומבאַשעפטיקט און געדאַנקענלאָז. נאָר עדגאַרן האָט זיך געדאַכט, גלייך ווי אַלע וואָלטן געקוקט אויף אים, גלייך אַלע וואָלטן זיך געוואונדערט, וואָס אַזאַ קינד פאָרט שוין אַליין, אַזוי ווי זיין אַנטלויפן און דאָס פאַרברעכן זיינס וואָלט אים געווען אויסגעקריצט אויפן שטערן. ער האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען דער צוג האָט ענדלעך פונדערווייטנס נאָך אַרויסגעלאָזט דעם ערשטן געשריי און דאַן שטורמיש געקומען אָנצולויפן. דער צוג, וואָס וועט אים אַוועקפירן אין דער וועלט אַריין. באַם אַריינגיין אין צוג האָט ער ערשט באַמערקט, אַז זיין קאַרטע איז נאָר גילטיק פאַר דער דריטער קלאַס און ער האָט ווידער דערפילט, אַז עס האָט זיך עפּעס פאַרענדערט, אַז עס זענען פאַראַן פאַרשידנקייטן, וועלכע ער האָט פריער נישט באַמערקט. ער האָט אַצינד פאַר שכנים עפּעס גאָר אַנדערע מענטשן ווי פריער. עטלעכע איטאַליענישע אַרבעטער מיט האַרטע הענט און גראָבע שטימען זענען געזעסן פונקט קייגנאיבער אים, האַלטנדיק לאָפּאַטעס אין די הענט און האָבן געקוקט פאַר זיך מיט טעמפּע, טרייסטלאָזע בליקן. זיי האָבן מסתמא שווער געאַרבעט באַם וועג, וואָרים טייל פון זיי זענען געווען מיד און געשלאָפן מיט אָפענע מיילער, אָנגעלעגט אָן דעם האַרטן און שמוציקן האָלץ. זיי האָבן געאַרבעט, כדי געלט צו פאַרדינען, האָט עדגאַר געטראַכט, ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט פאָרשטעלן, וויפיל דאָס קאָן זיין, ער האָט נאָר דערפילט, אַז געלט איז אַ זאַך, וואָס נישט אַלעמאָל האָט מען עס, נאָר מען מוז זיך עס דורך עפּעס אַ געוויסן אופן פאַרשאַפן.

צום ערשטן מאָל איז ער אַצינד געקומען צום באַוואוסטזיין, אַז

ער האָט זיך ביז איצט געפונען אין אַ סביבה פון וואוילטאָג און אַז אויף רעכטס און לינקס פון זיין לעבן ליגן אָפן טיפע, פינסטערע אָפגרונטן, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט באַמערקט. ער האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז עס זענען פאַרהאַן באַרופן און אויפגאַבן, אַז אַרום אים זענען אָנגעהויפט סודות, נאָענט אָנצוטאַפּן און דאָך האָט ער זיי קיינמאָל נישט באַמערקט. עדגאַר האָט אַ סך געלערנט אין דערדאָזיקער איינער שעה, זינט ער האָט זיך געפונען אַליין, ער האָט אָנגעהויבן צו זען אַ סך זאַכן אויס דערדאָזיקער ענגער באַנקופּע מיט די פענצטער אַרויס אין דער וועלט אַריין. און נאָך געפינענדיק זיך אין זיין אומדייטלעכער מורא האָט אין אים ביסלעכווייז אָנגעהויבן עפּעס אויפצובליען, דאָס איז נאָך נישט געווען קיין געפיל פון גליק, נאָר אַ שטוינען איבער דער פאַרשידנאַרטיקייט פון לעבן. אַז ער איז אַנטלאָפן אויס מורא און פּחדנות, דאָס האָט ער געפילט יעדע סעקונדע, אָבער דאָך איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט געהאַנדלט זעלבשטענדיק און איבערגעלעבט זאַכן פון דעם ווירקלעכן לעבן, פאַר וועלכע ער איז ביז איצט פאַרבייגעגאַנגען, נישט לייגנדיק אויף זיי קיין אַכט.

עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער איז אפשר פאַר דער מוטער און פאַרן פאָטער אַליין געוואָרן אַ סוד, אַזוי ווי עס איז פאַר אים געווען ביז איצט די וועלט.

ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער שוין מיט אַנדערע אויגן. און ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט אַצינד צום ערשטן מאָל דערזען די גאַנצע ווירקלעכקייט, ווי עס וואָלט אַ שלייער אַראָפּגעפאַלן פון די אַלע פאַרשידענע זאַכן און זיי אַנטפּלעקן פאַר אים אַלדינג, זייערע אינערלעכע כוונות, דעם פאַרבאָרגענעם נערוו פון זייער טעטיקייט. ס'זענען הייזער פאַרבייגעפלויגן, ווי פון ווינט געטראָגן און ער האָט געמוזט טראַכטן וועגן די מענטשן, וואָס וואוינען אין זיי, צי זיי זענען רייך, אָדער אָרעם, גליקלעך, אָדער אומגליקלעך, אויב זיי האָבן אויך דעם הייסן פאַרלאַנג, אַזוי ווי ער, אַלץ צו וויסן און אויב ס'געפינען זיך דאָרט קינדער, וועלכע האָבן זיך ביז איצט אויך געשפּילט מיט דידאָזיקע אַלע זאַכן, אַזוי ווי ער. די באַן־וועכטער, וועלכע

זענען געשטאַנען באַם וועג מיט די פלאַטערנדיקע פענער, האָבן
זיך אים אַצינד שוין נישט אויסגעוויזן, ווי ביז איצט, פאַר פודן
און טויטע שפּילעכלעך, פאַר זאַכן, וואָס זענען אַנידערגעשטעלט
געוואָרן דורכן גלייכגילטיקן צופאַל, נאָר ער האָט פאַרשטאַנען,
אַז דאָס איז זייער גורל, זייער קאַמף קייגן דעם לעבן. די רעדער
האָבן זיך געדרייט וואָס אַמאָל שנעלער, דער צוג איז מיט האַלב=
רונדע בויגונגען געלאָפן אַראָפּ צום טאָל, די בערג האָבן אויסגע=
זען וואָס אַמאָל קלענער, ווייטער, שוין האָט זיך דער צו געפונען
אויף אַ גלייכן פלאַץ. ער האָט זיך נאָכאַמאָל אומגעקוקט צוריק,
די בערג זענען שוין געווען בלוי און שאָטנהאַפטיק, ווייט און
נישט=דערגרייכבאַר, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיין אייגענע
קינדהייט איז דאָרט געבליבן אויף די בערג, וועלכע זענען לאַנג=
זאַם צעריבן געוואָרן אין דעם נעפּלהאַפטיקן הימל.

## פינסטערניש=פלאָנטער.

אָבער דערנאָך אין באַדן, ווען דער צוג איז געבליבן שטיין
און עדגאַר האָט זיך געפונען אַליין אויפן פּעראָן, וואו די לאַמ=
טערנס זענען שוין געווען אָנגעצונדן און די סיגנאַלן האָבן גרין
און רויט געגלאַנצט פונדערווייטנס, איז אים מיטאַמאָל באַם זי=
בליק פונם דאָזיקן פאַרשידנפאַרביקן בילד באַפאַלן אַ פלוצלינגע
מורא פאַר דער נאָענטער נאַכט. באַטאָג האָט ער זיך נאָך געפילט
זיכער, וואָרים אַרום זענען דאָך געווען מענטשן, מען קאָן זיך אָפּ=
רוען, אויף אַ באַנק זיך אַנידערזעצן, אָדער גלאָצן אויף די שוי=
פענצטער פון די געוועלבער. ווי אַזוי אָבער וועט ער עס קאָנען אַרי=
בערטראָגן, ווען די מענטשן וועלן פאַרשוואונדן ווערן אין די היי=
זער אַריין. יעדער פאַרמאָגט אַ בעט, האָט מיט וועמען צו שמועסן
און געניסט דערנאָך פון דער רויקער נאַכט, בעת ער מוז אַרומ=
בלאָנדזשען אַליין מיט דעם געפיל פון זיין שולדיקייט אין אַ פרעמד,

איינזאַם אָרט. אָ, וואָס גיכער האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, קיין איין מינוט נישט שטיין־בלייבן אונטער אַ פרייען פרעמדן הימל, דאָס איז געווען דאָס איינציקע קלאָרע געפיל זיינס.

ער האָט זיך האַסטיק געלאָזט גיין מיט דעם גוט־באַקאַנטן וועג, נישט אומקוקנדיק זיך אויף רעכטס אָדער לינקס, ביז ער איז ענדלעך אָנגעקומען צו דער ווילע, וואו זיין באָבע האָט גע־וואוינט. די ווילע איז געשטאַנען אַ שיין־געבויטע לעבן אַ ברייטן וועג. אָבער נישט פריי פאַרן קוק, נאָר איינגעהילט אין שיין־גע־וויקסיקע גראָזן פון אַ גוט־געפלעגטן גאָרטן, אַ גלאַנץ הינטער אַ וואָלקן פון גרינס, אַ ווייס, אַלטמאָדיש, פריינטלעך הויז. עדגאַר האָט אַריינגעקוקט דורך די שטאַכעטן, אַזוי ווי אַ פרעמדער. אי־נעווייניק האָט זיך קיין זאַך נישט באַוועגט, די פענצטער זענען געווען פאַרמאַכט, אַפנים אַלע האָבן זיך געפונען אויף יענער זייט אין גאָרטן. ער האָט שוין באַרירט מיט דער האַנט דאָס טיר־הענטל, נאָר פלוצלינג איז געשען אַ מאָדנע זאַך: דאָס, וואָס ער האָט זיך אין משך פון צוויי שעה פאַרגעשטעלט פאַר לייכט און פשוט, האָט זיך אים מיטאַמאָל אויסגעוויזן פאַר אַן אוממעג־לעכע זאַך. ווי אַזוי זאָל ער אַריינגיין, ווי אַזוי זיי באַגריסן, ווי אַזוי אַריבערטראָגן זייערע אַלע פראַגן און וואָס ענטפערן אויף זיי? ווי אַזוי וועט ער אויסהאַלטן דעמדאָזיקן ערשטן בליק, ווען ער וועט זיי מוזן אויסזאָגן, אַז ער איז אַנטלאָפן אָן דער מוטערס וויסן? און דערצו נאָך, ווי אַזוי וועט ער דערקלערן זיין מוראדיקן טאַט, וועלכן ער אַליין קאָן שוין נישט באַגרייפן!

אינעווייניק האָט זיך אויפגעעפנט אַ טיר. מיטאַמאָל איז אים באַפאַלן אַ נאַרישע שרעק, אַז ס'קאָן עמעצער אָנקומען און ער איז אַנטלאָפן, נישט וויסנדיק וואוהין צו לויפן. לעבן פאַרק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווייל דאָרט איז געווען פינצטער און ער האָט גערעכנט, אַז דאָרט וועט ער נישט אָנטרעפן אויף מענטשן. ער וועט זיך דאָרט אפשר קענען אָנידערזעצן און ענדלעך, ענד־לעך רויק זיך באַטראַכטן, זיך אָפּרוען און זיך קלאָר מאַכן זיין לאַגע. ער איז אומדרייסט אַריינגעגאַנגען. פאָרנט האָבן

געברענט עטלעכע לאַמטערנס און צוגעגעבן די נאָך יינגע בלעטער אַ געשפּענסטיקן וואַסער־גלאַנץ פֿון דורכזיכטיקן גרינס; ווייטער אָבער, טיף אינעווייניק, וואו מ׳האָט זיך געדאַרפֿט אַראָפּלאָזן פֿון אַ בערגל, איז אַלץ געלעגן צוזאַמענגעגאָסן אין אַן אייניציקער, טעמפּער, שוואַרצער מאַסע, איינגעהילט אין דעם פֿינצטערניש־פּלאָנטער פֿון אַ פּריצייטיקער פֿרילינגס־נאַכט.

עדגאַר האָט זיך שרעקעוודיק פֿאַרבייגעשלייכט פֿאַר די עטלעכע מענטשן, וואָס זענען געזעסן אין ליכט־קרייז פֿון די לאַמטערן פֿלוידערנדיק, אָדער לייענענדיק: ער האָט געוואָלט אַליין זיין. אָבער אויך אויבן אין דער שטענדיקער פֿינצטערניש פֿון די אומבאַלויכטענע שטעגן איז נישט געווען קיין מנוחה. אַלץ איז דאָ געווען דורכגעזאַפּט מיט אַ שטיל, ליכט־אויסמיידנדיק פֿליסטערן און רעדן, וואָס האָט זיך פֿילפּאַכיק אויסגעמישט מיט דעם אָטעם פֿון ווינט צווישן די פֿלאַטערנדיקע בלעטער, מיט דעם גערויש פֿון ווייטע טריט, מיט דעם סודן זיך פֿון איינגעהאַלטענע שטימען, מיט עפּעס אַ מין תאווהדיקן, זיפֿצנדיקן, שרעקעוודיק קרעכצנדיקן געברום, וואָס האָט געשיינט אַרויסצובאַקומען גלייכצייטיק פֿון מענטשן און חיות און פֿון דער אומרויִק־שלאָפֿנדיקער נאַטור. עס האָט דאָ געאָטעמט אַ געפֿערלעכע אומרויִקייט, אַן איינגעבויגענע, באַהאַלטענע און שרעק־אָנוואַרפֿנדיקע, עפּעס ווי אַן אונטערערדיש ברויזן אין וואַלד, וועלכעס איז אפֿשר געווען בלויז אַ פּועל־יוצא פֿונעם פֿרילינג, אָבער אויף דעם פֿאַרמאַטערטן קינד האָט דאָס אָנגעוואָרפֿן אַן אומגעוויינטלעכע שרעק.

ער האָט זיך אַן איינגעקוירטשעטער אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק אין דערדאָזיקער תהום־פֿינצטערניש און אָנגעהויבן טראַכטן, וואָס ער זאָל דאָרט אין שטוב דערציילן. נאָר די געדאַנקען האָבן זיך אים אַרויסגעגליטשט נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיי אָנצוכאַפּן, און קעגן זיין ווילן האָט ער געמוזט כסדר זיך צוהערן צום פֿאַרטויבטן גערויש, צו די מיסטישע קולות פֿון דער פֿינצטערניש. ווי אימהדיק איז געווען דידאָזיקע פֿינצטערניש, ווי מבולבלדיק און דאָך ווי געהיימנישפֿול שיין! זענען עס געווען חיות אָדער מענטשן, אָדער אפֿשר גאָר די געשפּענסטיקע האַנט פֿונעם ווינט, וואָס האָט

דאָסדאָזיקע רוישן און קנאַקן, דאָס זשומען און ברומען צוזאַמענ-
געוועבט?

ער האָט זיך איינגעהאָרכט.

עס איז דער ווינט געווען, וואָס האָט זיך אומרויק געגליטשט צווישן די ביימער, און — אַצינד האָט ער עס דערזען דייטלעך — אויך מענטשן; צוזאַמענגעפּלאָנטערטע פּאָרן, וואָס זענען אַרויפגעקומען אַהער פון דער העל-באַלויכטענער שטאָט און האָבן מיט זייער סודותפולער קעגנוואָרט באַלעבט די פינצטערניש. וואָס ווילן זיי? ער האָט עס נישט געקאָנט באַגרייפן. זיי רעדן נישט צווישן זיך, וואָרים ער האָט נישט געהערט קיין שטימען, נאָר קריצן אומרויק מיט זייערע טריט אין די זאַמד-שטיינדלעך, און פון צייט צו צייט האָט ער אויפן פרייען פלאַץ צווישן די ביימער, וואו עס האָט דערגרייכט אַ ווייטער ליכט-שיין, געזען זייערע געשטאַלטן שנעל פאַרביישוועבן ווי שאָטנס, און כסדר צוזאַמענגעשמאָלצן אין איינעם, אַזוי ווי ער האָט דעמאָלט געזען זיין מוטער מיטן באַראָן. דערדאָזיקער סוד, דער גרויסער, פינקלנדיקער און מוראדיקער, ער האָט זיך, הייסט עס, אויך דאָ געפונען. ער האָט דערהערט וואָס אַמאָל נעענטער אָנקומענדיקע טריט און באַלד אויך אַן איינגעהאַלטן לאַכן. עס איז אים באַפאַלן אַ שרעק, אַז די אָנקומענדיקע וועלן אים דערזען און ער האָט זיך נאָך טיפער פאַררוקט אין דער פינצטערניש אַריין! נאָר די צוויי, וואָס זענען אַצינד אין דער געדיכטער פינצטערניש אַרויפגעקומען מיטן וועג, האָבן אים נישט געזען. צוזאַמענגעפלאָכטענע זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען. עדגאַר האָט שוין געהאַט לייכט אָפּגעאָטעמט, פּלוצלינג אָבער זענען זיי שטיין געבליבן גאָר נאָנט פאַר זיין באַנק. זיי האָבן צוגעדריקט די פּנימער איינער צום אַנדערן, עדגאַר האָט נישט געקאָנט זען דייטלעך, ער האָט בלויז דערהערט, ווי בײַ דער פרוי האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קרעכץ, דער מאַן האָט געשטאַמלט הייסע, פאַרשיכורטע ווערטער און עדגאַר איז דורכגענומען געוואָרן מיט אַ פאַרטויבט פאַרגעפיל, וואָס איז דורכגעלאָפן איבער זיין שרעק מיט אַ ציטער פון גלוסטונג. זיי זענען אַזוי געבליבן אַ מינוט לאַנג, דערנאָך האָבן ווידער אָנגעהויבן צו קריצן די זאַמד-שטיינדלעך אונטער זייערע אוועקגיי-

זנדיקע טריט, וואָס זענען באַלד פאַרקלונגען געוואָרן אין דער פינ־צטערניש.

עדגאַר האָט זיך אַ ציטערנדיקער צוזאַמענגעקאָרטשעט. דאָס בלוט האָט אים ווידער אַ שטראָם געטון אין די אָדערן הייסער, גליענדיקער, ווי פריער. און מיטאַמאָל האָט ער זיך דערפילט אומ־דערטרעגלעך איינזאַם אין דערדאָזיקער פאַרפלאָנטערטער פינצטער־ניש. עס האָט אים באַהערשט אַ גוואַלטיקער פאַרלאַנג נאָך עמעצנס אַ פריינטלעכע שטים, אַן אומאַרמונג, אַ פאַרלאַנג נאָך אַ ליכטיק צימער, נאָך מענטשן, וועלכע ער ליבט. אים האָט זיך געדאַכט, גלייך ווי די גאַנצע אומרויקע פינצטערניש פון דערדאָזיקער פאַר־פלאָנטערטער נאַכט איז אַריינגעדרונגען אין אים און צערייסט אים די ברוסט.

ער איז אויפגעשפרונגען. נאָר אַהיים, אַהיים, געפינען זיך ערגעץ אין אַ וואַרעמען, ליכטיקן צימער, אין וועלכער ס'איז פאַר־בינדונג מיט מענטשן. וואָס קען אים דען געשען ? זאָל מען אים שלאָגן און זידלען, ער שרעקט זיך שוין אַצינד נישט מער פאַר קיין זאַך, זינט ער האָט געשפירט דידאָזיקע פינצטערניש און די מורא פאַר איינזאַמקייט.

עס האָט אים געטריבן פאָראויס, ווי גאָר אָן זיין וויסן, און פלוצלינג איז ער אויפסניי שטיין געבליבן פאַר דער ווילע, די האַנט ווידער אויף דעם טיר־הענטל. ער האָט געזען, ווי די באַ־לויכטענע פענצטער שימערן אַצינד אַרויס פון דעם גרינס, הינטער יעדער באַלויכטענער שויב האָט ער אין די געדאַנקען געזען דעם היימישן חלל און די מענטשן אינעווייניק. שוין דאָסדאָזיקע בלויזע נאָענט־זיין האָט אים פאַרשאַפט גליק ; שוין דאָסדאָזיקע ערשטע באַרויקונגס־געפיל, וואָס ער געפינט זיך נאָענט פון מענטשן, פון וועלכע ער האָט זיך געפילט געליבט. און אויב ער האָט זיך נאָך געזוימט אַריינצוגיין, איז עס געווען דערפאַר, ווייל ער האָט זיך געוואָלט מער אָנזעטיקן מיטן דאָזיקן פאָרגעפיל.

מיטאַמאָל האָט ער הינטער זיך דערהערט אַ שטים אויס־שרייען אין שרעק :

„עדגאַר, דאָ איז ער דאָך !"

זיין באָבעס דינסטמיידל האָט אים דערזען, זי האָט זיך צו אים אַ וואָרף געטון און אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט. די טיר איז געוואָרן אויפגעפּראַלט, אַ הונט איז אים מיט אַ געבילעריי אַנטקעגנגעשפּרונגען, פון שטוב איז מען אַרויסגעקומען מיט אַ ליכט, ער האָט געהערט שטימען אויסרופן מיט שמחה און שרעק, אַ פריילעכער טומל פון געשרייען און טריט, וואָס זענען געקומען וואָס אַמאָל נענטער, געשטאַלטן, וועלכע ער האָט אַצינד דערקענט. גאַנץ פאָרויס זיין באָבע מיט אויסגעשטרעקטע הענט און הינטער איר — אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער חלומט — זיין מוטער. מיט פאַרווייַנטע אויגן, ציטערנדיק און דערשראָקן איז ער געבליבן שטיין צווישן דעמדאָזיקן הייסן אויסברוך פון איבערשווימענדיקע געפילן; אומאַנטשלאָסן, וואָס ער זאָל טון, וואָס ער זאָל זאָגן און אַליין נישט וויסנדיק, וואָס ער פילט : מורא אָדער שרע־

## דער לעצטער חלום

דאָס איז געשען אויף אַזאַ אופן : מען האָט אים דאָ שוין לאַנג געזוכט און דערוואַרט. די מוטער, הגם זי איז געווען אין כעס, האָט זיך דערשראָקן צוליב דעם ווילדן אַנטלויפן פונם אויפגערעגטן קינד און זי האָט אים געלאָזט זוכן אין זעמערינג. ווען אַלע זענען שוין געווען אין אַ געוואַלטיקער אויפרעגונג און פול מיט די שרעקלעכסטע איבערקלערענישן, האָט עפּעס אַ הער געבראַכט די ידיעה, אַז ער האָט דאָס קינד געזען אַרום דריי אַ זייגער באַ דער באַן־קאַסע. דאָרט האָט מען זיך באַלד דערוואוסט, אַז עדגאַר האָט גענומען אַ קאַרטע קיין באַדן, און די מוטער, נישט וואַרטנדיק קיין מינוט, איז אים גלייך נאָכגעפאָרן. איר פאָרויס זענען געלאָפן טעלעגראַמען קיין באַדן און קיין ווין צו זיין פאָטער, פאַרשפּרייטנדיק אויפרעגונג, און זינט צוויי שעה האָט זיך אַלץ געפונען אין אַ באַוועגונג נאָך דעם אַנטלויפנדיקן.

אַצינד האָבן זיי אים שוין פעסטגעהאַלטן, אָבער נישט מיט קיין געוואַלט. מיט אַ פאַרבאָרגענעם טריומף האָבן זיי אים אַריינגעפירט אין צימער, נאָר ווי מאָדנע איז עס אים פאָרגעקומען, וואָס אין אַלע זייערע שטרענגע פאָרוואורפן, האָט ער גאָרנישט געשפירט יענע האַרטקייט, וועלכע זיי האָבן כלומרשט געוואָלט אַרויסווייזן, וואָרים אין זייערע אויגן האָט ער גאָר געזען פרייד און ליבשאַפט. און זאָגאַר דערדאָזיקער אַנשטעל, דערדאָזיקער כלומרשטער פאַרדראָס, האָט געדויערט בלויז איין מינוט. די באָבע האָט אים באַלד אַרומגענומען מיט טרערן אין די אויגן. קיינער האָט נישט מער דערמאַנט וועגן זיין שולד און ער האָט זיך דערפילט אַרומגערינגלט פון אַ וואונדערלעכער זאָרגפעלטיקייט. דאָ האָט אים דאָס מיידל אַראָפגעצויגן דאָס מאַנטל און געברענגט אַ וואַרעמס, דאָ האָט אים די באָבע געפרעגט, צי ער איז נישט הונגעריק און אויב ער וויל עפעס, זיי האָבן אים אויסגעפרעגט און געמאַטערט מיט אַ צערטלעכער פאַרזאָרגטקייט, און באַלד, ווי זיי האָבן נאָר באַמערקט, אַז ער פילט זיך דערפון געקוועלט, האָבן זיי אים אויפגעהערט צו פרעגן. מיט גרויס הנאה האָט ער ווידער עמפינדן דאָס פאַראַכטע און דאָך אים פעלענדיקע געפיל: אינגאַנצן אַ קינד צו זיין, און עס איז אים באַפאַלן אַ חרפה פאַר זיין גאווהדיקייט אין די לעצטע טעג, וואָס ער האָט זיך באַמיט לויז צו ווערן דערפון און עס איינטוישן אויף דעם פאַרפירערישן חשק צו אַן אייגענער איינזאַמקייט.

אין דערלעבנדיקן צימער האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. ער האָט געהערט זיין מוטערס שטים, ס'האָבן זיך געהערט איינצלנע ווערטער: „עדגאַר... צוריק... אַהערגעקומען... לעצטער צוג", און עס האָט אים געוואונדערט, וואָס זי איז נישט ווילד אָנגעפאַלן אויף אים, נאָר אַרומגענומען מיט אַזאַ מערקווירדיק צוריקגעהאַלטענעם בליק. דאָס חרטה-געפיל איז געוואָרן אין אים וואָס אמאָל העפטיקער, און ער האָט דערפילט אַ פאַרלאַנג, זיך צו באַפרייען פון דער באָבעס און פון דער מומעס אויפמערקזאַמקייט צו אים און אַריינגיין איבערבעטן די מוטער. זאָגן איר גאַנץ הכנעהדיק, גאַנץ אויפריכטיק, אַז ער וויל ווידער אַ קינד זיין און זי פאָלגן.

נאָר בעת ער איז גאַנץ שטיל אויפגעשטאַנען, האָט די באָבע גע־
פרעגט עטוואָס דערשראָקן:
„וואוהין ווילסטו גיין?"
ער איז געבליבן שטיין פאַרשעמט. זיי האָבן שוין מורא פאַר
אים, ווען ער גיט זיך נאָר אַ ריר. ער האָט זיי אַלע אָנגעשראָקן.
איצט האָבן זיי מורא, אַז ער וויל ווידער אַנטלויפן. ווי אַזוי וועלן
זיי דאָס קענען באַגרייפן, אַז קיינער באַדויערט נישט אַזוי שטאַרק
דאָסדאָזיקע אַנטלויפן, ווי ער אַליין!
עס איז געגרייט געוואָרן צום טיש און מען האָט אים גע־
בראַכט אַן אויף גיך־געמאַכט אָוונט־עסן. די באָבע איז געזעסן לעבן
אים און האָט נישט אַראָפּגענומען פון אים איר בליק. זי און די
מומע און דאָס מיידל האָבן אים איינגעשלאָסן אין אַ שטילן
קרייז און ער האָט זיך געפילט פון דערדאָזיקער האַרציקייט וואונ־
דערלעך באַרויקט. נאָר דאָס, וואָס זיין מוטער איז נישט אַריינ־
געקומען אַהער אין צימער אַריין האָט אים פאַרשאַפט עגמת־נפש.
ווען זי זאָל וויסן, ווי הכנעהדיק ער איז, וואָלט זי זיכער אַריינ־
געקומען!
מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט איינדרויסן אַ גערויש פון אַ
וואָגן, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן הויז. אַלע זענען אַזוי
דערשראָקן אויפגעשפּרונגען, אַז אויך עדגאַר איז געוואָרן אומרויק.
די באָבע איז אַרויס אינדרויסן, ס'האָבן זיך דערהערט שטימען
רופן הין און אַהער אין דער פינצטערניש, און ער איז מיטאַמאָל
געוואויר געוואָרן, אַז זיין פאָטער איז געקומען. עדגאַר האָט זיך
דערשראָקן אַרומגעזען, אַז ער געפינט זיך ווידער אַליין אין צי־
מער און שוין דאָסדאָזיקע קורצע אַליינזיין האָט אים צעטומלט.
זיין פאָטער איז געווען שטרענג, ער איז געווען דער איינציקער,
פאַר וועמען ער האָט ווירקלעך מורא געהאַט. עדגאַר האָט זיך
צוגעהאָרכט צו די שטימען אינדרויסן, זיין פאָטער איז אפשר
געווען זייער אויפגערעגט, ער האָט גערעדט הויך אויפן קול און
מיט פאַרדרוס. דאַן האָבן זיך געלאָזט הערן די איינשטילנדיקע
שטימען פון זיין באָבען און פון דער מוטער, אפשר זיי האָבן
אים געוואָלט מילדער מאַכן. נאָר זיין קול איז געבליבן האַרט,

האַרט אַזוי ווי די טריט, וואָס האָבן זיך אַצינד געלאָזט הערן אַלץ נענטער און נענטער, שוין האָט מען זיי געהערט אין דערבייאיקן צימער, האַרט פאַר דער טיר, וועלכע איז באַלד געוואָרן אויפגעפּראַלט.

זיין פאָטער איז געווען זייער הויך און עדגאַר האָט זיך דערפילט קייגן אים אומגעהויער קליין, בעת ער איז אַריינגעקומען אַ נערוועזער און פלומרשט ווירקלעך אין כּעס.

„וואָס איז דיר איינגעפאַלן, דו יונג איינער, צו אַנטלויפן ? ווי אַזוי האָסטו געקאָנט אַזוי איבערשרעקן די מוטער ?"

זיין קול איז געווען צאָרנדיק און די הענט האָבן בּאַ אים געצווקט מיט אַ ווילדער באַוועגונג. הינטער אים איז אַריינגעקומען די מוטער מיט שטילע טריט. איר פּנים איז געווען פאַרוואָלקנט.

עדגאַר האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט געפילט, אַז ער מוז זיך פאַרענטפערן, נאָר ווי אַזוי זאָל ער דערציילן, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט און געשלאָגן ? וועט ער דען דאָס פאַרשטיין ?

„נו, דו קאָנסט גאָרנישט רעדן ? וואָס איז געשען ? דו מעגסט עס רויק זײַן ! איז דיר עפּעס נישט געפעלן געוואָרן ? ס'מוז דאָך זיין עפּעס אַ סיבה, אַז מען אַנטלויפט ! האָט דיר עמעצער אַן עוולה געטון ?"

עדגאַר האָט זיך געקווענקלט. דאָס דערמאָנען זיך האָט אים ווידער אַריינגעבראַכט אין צאָרן, שוין האָט ער געוואָלט אָנקלאָגן, פּלוצלינג אָבער האָט ער דערזען — און דאָס האַרץ האָט זיך בּאַ אים שיער אָפּגעשטעלט — ווי זיין מוטער האָט הינטער דעם פאָטערס רוקן געמאַכט אַ משונהדיקע באַוועגונג. אַ באַוועגונג, וועלכע ער האָט אין פלוג נישט פאַרשטאַנען. אָבער באַלד האָט זי אָנגעשטעלט אויף אים איר בליק, אין אירע אויגן איז געווען אַ הייסע בקשה. און לייכט, גאַנץ אומבאַמערקבאַר האָט זי צוגעלייגט דעם פינגער צום מויל אַלס צייכן צו שווייגן.

עדגאַר האָט מיטאַמאָל דערפילט, ווי עפּעס אַ וואַרעמקייט, אָן אומגעהייער ווילדע באַגליקונג האָט פלוצלינג דורכגעשטראָמט איבער זיין גאַנצן קערפּער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי גיט אים איבער דעם סוד, ער זאָל אים היטן, אַז אויף זיינע קליינע קינ־דערישע ליפּן ליגט אַ גורל. און אַ ווילדער, פון פרייד־שטורמדיקער שטאָלץ האָט אים אָנגעפילט, וואָס זי פאַרטרויט אים אָן, אַן אָפּער־ווילליקייט האָט אים פלוצלינג איבערגעוועלטיקט, אַ פאַרלאַנג, נאָך מער צו פאַרגרעסערן זיין אייגענע שולד, כדי דערמיט צו ווייזן, ווי ראוי ער איז צו דעם צוטרוי אירן. ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט: „ניין, ניין... עס איז נישט געווען קיין שום סיבה. מאַ־מאַ איז געווען צו מיר זייער גוט, נאָר איך בין געווען צעלאָזט, איך האָב מיך שלעכט אויפגעפירט... און דאַן... דאַן בין איך אַנטלאָפן, ווייל איך האָב מורא געהאַט".

זיין פאָטער האָט אים אָנגעקוקט פאַרבליפט. ער האָט זיך אויף אַלץ געריכט, נאָר נישט אויף אַזאַ מודה־זיין. זיין צאָרן איז געוואָרן אַנטוואָפנט.

„נו, אויב דו באַדויערסט עס, דאַן איז שוין גוט. אויב אַזוי, וועל איך היינט שוין מער נישט רעדן דערפון. איך רעכן, אַז דו וועסט דיך שוין מישב זיין! אַז אַזעלכעס וועט שוין מער נישט פאָרקומען".

ער איז געבליבן שטיין און האָט אים אָנגעקוקט. זיין קול איז אַצינד געוואָרן ווייכער.

„ווי בלייך דו ביסט. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט גרעסער געוואָרן. איך האָף, אַז דו וועסט שוין מער נישט טון אַזעלכע קינדערייען; דו ביסט שוין ווירקלעך נישט קיין קינד און וואָלסט שוין געמעגט אַ ביסל שכל האָבן!

עדגאַר האָט די גאַנצע צייט כסדר אַריבערגעקוקט צו זיין מוטער. אים האָט זיך אויסגעוויזן, ווי אין אירע אויגן פינקלט עפּעס. אָדער איז דאָס אפשר דער אָפּשיין פונם ליכט־פלאַם? ניין, עס גלאַנצט דאָרט פייכט און העל, און איבער אירע ליפּן שוועבט אַ שמייכל, וואָס זאָגט אים אַ דאַנק. מען האָט אים געהייסן גיין שלאָפן,

אָבער עס האָט אים נישט באַנג געטון, וואָס זיי לאָזן אים אַליין. ער האָט דאָך אַזוי פֿיל איבערצוטראַכטן, אַזוי פֿיל פֿאַרשידנערליי וויכטיקע זאַכן. דער גאַנצער ווייטיק פֿון די לעצטע טעג איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן אין דעם געוואַלטיקן געפֿיל פֿון דעם נאָר-וואָס איבערגעלעבטן. ער האָט זיך געפֿילט גליקלעך אין דעם געהיימנישפֿולן פֿאָרגעפֿיל פֿון קינפֿטיקע סודות. אינדרויסן האָבן די ביימער גערוישט אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט, אָבער ער האָט שוין מער נישט געפֿילט קיין שרעק. ער האָט אויפֿגעהערט צו זיין אומגעדולדיק צום לעבן, זינט ער האָט זיך דערוואוסט, ווי רייך עס איז. ער האָט געהאַט דאָס פֿאָרגעפֿיל, גלייך ער האָט עס היינט צום ערשטן מאָל געזען נאַקעט, נישט איינגעהילט מיט די טויזנטער ליגנס פֿון דער קינדהייט, נאָר אין דער גאַנצער גלוסטיקער, געפֿערלעכער שיינקייט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז טעג קאָנען זיין אַזוי איבערפֿולט מיט דעם פֿאַרשידנאַרטיקן איבערגאַנג פֿון ווייטיק און הנאה און אַ גליק-געפֿיל האָט אים באַהערשט באַם געדאַנק, אַז נאָך אַ סך אַזעלכע טעג וואַרטן אויף אים, אַ גאַנץ לעבן וואַרט, אים דעם סוד צו אַנטפּלעקן. אַן ערשטע אַנונג פֿון דער פֿאַרשידנאַרטיקייט פֿונם לעבן האָט אים פֿאַרשכורט, אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט צום ערשטן מאָל פֿאַרשטאַנען דעם מהות פֿון די מענטשן, אַז זיי דאַרפֿן איינער דעם אַנדערן, אפֿילו ווען זיי ווייזן אויס צו זיין פֿיינטלעך צו אַן אַנדערן, און אַז עס איז זייער זיס פֿון זיי געליבט צו ווערן. ער איז אומפּעיק געווען צו טראַכטן מיט שנאה וועגן וואָס עס איז, אָדער וועמען עס איז. ער האָט קיין זאַך נישט באַדויערט, און אפֿילו פֿאַרן באַראָן, דעם פֿאַרפֿירער, זיין ביטערסטן שונא, האָט ער עמפֿינדן אַ ניי געפֿיל פֿון דאַנקבאַרקייט, ווייל ער האָט פֿאַר אים אויפֿגעעפֿנט די טיר צו דערדאָזיקער וועלט פֿון די ערשטע געפֿילן.

וועגן דידאָזיקע אַלע זאַכן איז געווען זייער זיס און אָנגענעם צו טראַכטן איצט אין דער טונקלקייט, שוין לייכט פֿאַרוועבט מיט חלום-בילדער, כמעט שוין אין שלאָף. מיטאַמאָל האָט זיך אים געדאַכט, גלייך ווי ס'וואָלט זיך פּלוצלינג געעפֿנט די טיר און עמעצער איז שטיל אַריינגעקומען. ער איז נישט געווען זיכער

דעריין, ער איז שוין אָבער צופיל געווען אַרומגעשפונען מיט שלאָף, צו קענען די אויגן עפענען. מיטאַמאָל האָט ער דערשפירט איבער זיך אַן אָטעמענדיק געזיכט, וואָס האָט ווייך, וואַרעם און מילד דאָס זייניקע באַרירט, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז זיין מוטער, וועלכע קושט אים אַצינד און גלעט אים מיט איר האַנט איבער די האָר. ער האָט געפילט די קושן און געפילט די טרערן, ווייך אָפּעטפערנדיק אויף די צערטלעכקייטן, און ער האָט עס אָנגענומען בלויז אַלס אַ פאַרגעבונג, אַלס דאַנקבאַרקייט פאַר זיין שווייגן.

ערשט שפעטער, אַ סך יאָרן שפעטער, האָט ער אין דידאָזיקע שטומע טרערן דערקענט אַ נדר פון אַ פרוי, באַם סוף פון אירע בלינגס-יאָרן, אַז פון איצט אָן וועט זי נאָר אים, נאָר איר אייגן קינד געהערן, אַן אָפּזאָגן זיך פון ליבעס-אַוואַנטורעס, אַ געזעגענען זיך מיט אַלע אירע אייגענע גלוסטונגען. ער האָט נישט געוואוסט, אַז אויך זי איז אים דאַנקבאַר געווען, וואָס זי איז ניצל געוואָרן פון אַן אומגינסטיקער ליבעס-אַוואַנטורע. און מיט דערדאָזיקער אומאַרמונג האָט זי אים די ביטער-זיסע לאַסט פון דער ליבע פאַר זיין צוקונפטיק לעבן אַוועקגעשאָנקען, ווי אַ ירושה.

דאָס דעמאָלטיקע קינד האָט דידאָזיקע אַלע זאַכן נאָך נישט פאַרשטאַנען, אָבער עס האָט געפילט, אַז עס איז זייער אַ גרויס גליק, אַזוי געליבט צו זיין און אַז דורך דערדאָזיקער ליבע איז עס שוין פאַרשפינט מיט דעם גרויסן וועלט-סוד.

ווען זי האָט אַראָפּגענומען פון אים איר האַנט, אירע ליפּן פון זיינע צוריקגעצויגן און די לייכט-שוועבנדיקע געשטאַלט איז פאַרשוואונדן געוואָרן, איז נאָך איבערגעבליבן עפּעס אַ וואַרעמקייט, אַ הויך איבער זיינע ליפּן. עס איז געקומען איבער אים צו שוועבן אַ גלעטנדיקע בענקשאַפט, אָפּט נאָך צו שפירן אַזעלכע ווייכע ליפּן און אַזוי צערטלעך צו ווערן אַרומגענומען, נאָר דאָסדאָזיקע אַנונגספולע פאָרגעפיל פון דעם אַזוי הייס-באַגערטן סוד איז שוין געווען איינגעהילט מיטן שאָטן פון שלאָף. נאָך איינמאָל האָבן בונט פאַרבייגעצויגן די בילדער פון די לעצטע

שעהן, נאָך איינמאָל האָט פיל־צוזאַגעריש זיך אויפגעבלעטעויט פאַר אים דאָס בוך פון זיין יוגנט. דאַן איז דאָס קינד איינגע־שלאָפן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער טיפער חלום פון זיין לעבן.

ביידע קינדער זענען אַצינד אַליין אין זייער צימער. דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן. די פינצטערניש ליגט צווישן זיי, בלויז פון די בעטן שיינט אַרויס אַ לייכטער, ווייסער שימער. ביידע אָטעמען זייער לייכט, מ׳קאָן מיינען, אַז זיי שלאָפן.

„דו !" דערהערט זיך מיטאַמאָל אַ שטים. עס איז די צוועלף־יעריקע, וועלכע פרעגט שטיל, כמעט מיט מורא, אין דער פינצטער־ניש אַריין.

„וואָס איז ?" ענטפערט די שוועסטער פונם אַנדערן בעט אַרויס. בלויז מיט איין יאָר איז זי עלטער.

„דו ביסט נאָך וואַך. דאָס איז גוט. איך... איך וואָלט זייער געוואָלט דיר עפּעס דערציילן..."

פונם אַנדערן בעט קומט נישט קיין ענטפער. עס הערט זיך בלויז אַ לייכט גערויש פון דעם בעטגעוואַנט. די שוועסטער האָט זיך אויפגעזעצט, זי בליקט אַריבער וואַרטנדיק, מען קאָן זען דאָס פינקלען פון אירע אויגן.

„ווייסט... איך האָב דיר געוואָלט זאָגן... אָבער זאָג דו מיר צום ערשט, איז דיר נישט אין די לעצטע טעג עפּעס אויפ־פאַלנדיק געוואָרן בײַ אונזער פריילין ?"

די אַנדערע שווייגט אַ ווײַלע און קלערט נאָך. „יאָ", זאָגט זי דערנאָך, „אָבער איך ווייס נישט גענוי, וואָס דאָס איז. זי איז

שוין נישט אַזוי שטרענג. אַנומלט האָב איך צוויי טעג נישט געמאַכט קיין אויפגאַבן און זי האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. און אויסער דעם איז זי עפּעס אַזוי, איך ווייס אַליין נישט ווי. איך רעכן, אַז זי האָט אונז שוין גאָרנישט אין זינען, זי זעצט זיך תמיד אָן אַ זייט און נעמט נישט קיין אָנטייל אין שפּיל, אַזוי ווי פריער".

„איך רעכן, אַז זי איז זייער טרויעריק, נאָר זי וויל עס נישט אַרויסווייזן, זי שפּילט שוין אויך מער נישט אויפן קלאַוויר".

דאָס שטילשווייגן טרעט ווידער אַריין.

דאַן מאָנט די עלטערע: „דו האָסט דאָך געוואָלט עפּעס דערציילן".

„יאָ, אָבער דו זאָלסט עס קיינעם נישט זאָגן. קיינעם נישט, נישט דער מאַמאַ און נישט דיין פריינדין".

„ניין, ניין". זי איז שוין אומגעדולדיק. „נו, וואָס איז עס!"

„אַלזאָ. . . אַצינד, ווען מיר זענען געגאַנגען שלאָפן, האָב איך מיך פּלוצלינג דערמאָנט, אַז איך האָב נישט געזאָגט דער פריילין „אַ גוטע נאַכט!" די שיך האָב איך שוין געהאַט אויסגעטון, אָבער איך בין פונדעסטוועגן אַריבערגעגאַנגען צו איר צימער, אַזוי, גאַנץ שטיל, אַז זי זאָל זיך נישט ריכטן. איך עפן אַלזאָ אויף די טיר זייער פאָרזיכטיק. צוערשט האָב איך געמיינט, אַז זי איז נישטאָ אין צימער. דאָס ליכט האָט געברענט, אָבער זי האָב איך נישט געזען. דאַן פּלוצלינג — איך האָב מיך שרעקלעך דערשראָקן — הער איך עמעצן וויינען און דערזע מיטאַמאָל, ווי זי ליגט אָנגעטוענערהייט אויפן בעט, דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין קישן. זי האָט אַזוי געשלוכצט, אַז איך בין דערציטערט געוואָרן. אָבער זי האָט מיך נישט באַמערקט. און איך האָב גאַנץ שטיל ווידער צוגעמאַכט די טיר. איך האָב געמוזט שטיין בלייבן אויף אַן אויגנבליק, אַזוי האָב איך געציטערט. דאַן האָט זיך ווידער געלאָזט הערן דורך דער טיר זייער דייטלעך דאָסדאָזיקע שלוכצן און איך בין שנעל אַראָפּגעלאָפן".

זיי שווייגן ביידע. דערנאָך זאָגט אייגע זייער שטיל: „דאָס

אָרעמע פריילין!" דאָס וואָרט ציטערט אַפּ אין צימער, ווי אַ פאַר־לוירענער בלייכער טאָן און ס'ווערט ווידער שטיל.

„איך וואָלט וועלן וויסן, פאַרוואָס זי האָט געוויינט," הייבט די ייִנגערע אָן. „זי האָט זיך דאָך מיט קיינעם נישט געקריגט אין די לעצטע טעג, די מאַמאַ לאָזט זי שוין אויך ענדלעך צורו מיט איהרע שטענדיקע טענות, און מיר האָבן דאָך איר אוודאי גאָרנישט געטאָן. פאַרוואָס זשע וויינט זי, אויב אַזוי?"

„איך בין מיך שוין משער", זאָגט די עלטערע.

„פאַרוואָס, זאָג מיר, פאַרוואָס?"

די שוועסטער שווייגט אַ ווײַלע. ענדלעך זאָגט זי: „איך רעכן, זי איז פאַרליבט".

„פאַרליבט?" די ייִנגערע טוט זיך אַ הייב אויף. „פאַרליבט? אין וועמען?"

„דו האָסט גאָרנישט באַמערקט?"

„אָבער דאָך נישט אין אָטאָ?"

„ניין? און ער נישט אין איר? פאַרוואָס האָט ער ביז אַהער, פאַר די גאַנצע דריי יאָר, וואָס ער וואוינט באַ אונז און שטודירט, אונז קיינמאָל נישט באַגלייט און איצט, זינט אַ פּאָר חדשים באַגלייט ער אונז אַלע טאָג? איז ער אַמאָל געווען פריינטלעך צו מיר אָדער צו דיר, איידער דאָס פריילין איז צו אונז געקומען? און אַצינד דרייט ער זיך אַרום אונז דעם גאַנצן טאָג. מיר טרעפן זיך מיט אים כסדר צופעליק, צופעליק, אין פאָלקס־גאָרטן, אָדער אין שטאָט־פּאַרק, אָדער אין פראַטער, אומעטום, וואוהין מיר גייען נאָר מיטן פריילין. איז דיר דאָס קיינמאָל נישט געוואָרן אויפפאַלנ־דיק?"

גאַנץ דערשראָקן שטאַמלט די קליינע:

„יאָ... יאָ, געוויס האָב איך עס באַמערקט. איך האָב אָבער תמיד געמיינט, אַז עס איז..."

דאָס קול רייסט זיך איר איבער. זי רעדט נישט ווייטער.

„איך האָב צום ערשט אויך געמיינט, מיר מיידלעך זענען

שטענדיק אַזוי נאַריש. אָבער איך האָב ענדלעך באַמערקט, אַז מיר זענען באַ אים נאָר אַן אויסרייד".

אַצינד שווייגןביידע. דאָס געשפּרעך ווייזט אויס, ווי בעענדיקט.

ביידע זענען פאַרזינקען אין מחשבות, אָדער אפשר שוין אין חלומות.

מיטאַמאָל רופט זיך ווידער אָן די קליינע גאַנץ הילפלאָז אויס דער פינצטערניש אַרויס: „אָבער פאַרוואָס ווייַנט זי? ער איז דאָך צו איר זייער ליבלעך. און איך האָב מיר תּמיד געטראַכט, אַז עס מוז אַזוי שיין זיין, ווען מען איז פאַרליבט".

„איך ווייס נישט", זאָגט די עלטערע פאַרחלומט, „איך האָב אויך געמיינט, אַז עס מוז זייער שיין זיין".

און ווידעראַמאָל דערטראָגט זיך שטיל און באַדויערנדיק, פון שוין פאַרשלאָפענע ליפּן: „דאָס אָרעמע פרייַלין!"

און נאָכדעם ווערט שטיל אין צימער.

*           *


דעם אַנדערן טאָג רעדן זיי שוין נישט דערפון, און דאָך, איינע שפּירט עס אַרויס באַ דער אַנדערער, אַז זייערע געדאַנקען זענען פאַרנומען מיט דער זעלבער זאַך. זיי גייען פאַרביי איינע פאַר דער אַנדערער, מיידן זיך אויס, אָבער גישט ווילנדיק באַגעגענען זיך זייערע בליקן, ווען זיי באַטראַכטן ביידע מיטאַמאָל די גוּווערנאַנטין פון דער זייט. באַם טיש באַאָבאַכטן זיי אָטאָ, דעם קוזין, וועלכער וואוינט שוין יאָרן לאַנג באַ זיי אין הויז, ווי אַ פרעמדן. זיי רעדן נישט מיט אים, אָבער פון אונטער די אַראָפּגעלאָזטע אויגן־הייטלעך קוקן זיי בגנבה כסדר אַהין, צי ער ווינקט זיך נישט איבער מיט זייער פרייַלין. אַן אומרויקייט שטעקט אין ביידע. זיי שפּילן זיך היינט נישט, נאָר אין דער נערוועזיטעט דעם סוד צו דערגייען, באַשעפטיקן זיי זיך מיט אומנוצלעכע און גלייכגילטיקע זאַכן. אין אָוונט פרעגט איינע, קאַלט, גלייך ווי עס וואָלט

פאַר איר געווען גלייכגילטיק: „האָסטו ווידער עפּעס באַמערקט?" — „ניין", ענטפערט די שוועסטער און דרייט זיך אַוועק. ביידע האָבן עפּעס ווי מורא פאַר אַ געשפּרעך. און אַזוי ציט עס זיך עטלעכע טעג, דאָסדאָזיקע שטומע באַאָבאַכטן און דאָס כסדרדיקע נאָכשפּירן פון די ביידע קינדער, וועלכע פילן אומרויק און נישט קלאָר, אַז זיי געפינען זיך נאָענט פון אַ רייצנדיקן סוד.

ענדלעך, אין אַ פּאָר טעג אַרום, באַמערקט איינע, ווי בעתן מאָלצייט באַם טיש ווינקט די גוווערנאַנטין בגנבה מיט די אויגן צו אָטאָ. ער טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אַלס ענטפער. דאָס קינד ציטערט פאַר צעטראָגנקייט. זי דריקט אומבאַמערקט אונטערן טיש די עלטערע שוועסטער באַ דער האַנט. ווען יענע קוקט זיך אום צו איר, פינקלט זי איר אַנטקייגן מיט די אויגן. יענע פאַרשטייט באַלד דעם צייכן און ווערט אויך אומרויק.

באַלד ווי זיי שטייען אויף פון מאָלצייט, זאָגט די גוווערנאַנטין צו די מיידלעך:

„גייט אין אייער צימער און פאַרברענגט אַ ביסל. איך האָב קאָפּ-ווייטיק און וויל מיך אָפּרוען אַ האַלבע שעה".

די קינדער לאָזן אַראָפּ די אויגן. פאָרזיכטיק רירן זיי זיך אָן מיט די הענט, ווי זיי וואָלטן זיך קעגנזייטיק אויפמערקזאַם געמאַכט. און באַלד ווי די גוווערנאַנטין גייט אַוועק, שפּרינגט די קלענערע צו צו דער שוועסטער:

„וועסט באַלד זען, אַצינד גייט אָטאָ צו איר אין צימער".

„געוויס! דעריבער האָט זי דאָך אונדז אַוועקגעשיקט!"

„מיר מוזן זיך איינהאָרכן אונטער דער טיר!"

„אָבער טאָמער וועט עמעצער אָנקומען?"

„ווער?"

„די מאַמע".

די קליינע דערשרעקט זיך.

„יאָ, דאַן..."

„הייסטו וואָס? איך וועל האָרכן אונטער דער טיר און דו בלייב אינדרויסן אין קאָרידאָר און וועסט מיר געבן אַ צייכן, אויב עמעצער וועט אָנקומען. אַזוי וועלן מיר זיין זיכער".

די קליינע מאַכט אַן אומצופרידן פּנים.

„אָבער דו װעסט דאָך מיר דערנאָך גאָרנישט דערציילן !"

„אַלדינג !"

„אויף אַן אמת. . . אָבער טאַקע אַלדינג !

„יאָ. איך גיב דיר דערויף מײן װאָרט. און דו זאָלסט היטן, אויב דו װעסט הערן עמעצן אָנקומען".

זיי וואַרטן אין קאָרידאָר, ציטערנדיק, אויפגערעגט. דאָס בלוט ברויזט אין זיי ווילד. וואָס וועט דאָ געשען ? זיי דריקן זיך פעסט איינע צו דער אַנדערער.

טריט. זיי צעלויפן זיך. אין דער טונקלקייט אַריין. ריכטיק: עס איז אַטאַ. ער נעמט אָן דאָס טיר־הענטל, די טיר פאַרמאַכט זיך. ווי אַ פייל פון בויגן לויפט די עלטערע נאָך און דריקט זיך צו צו דער טיר, איינהאָרכנדיק זיך מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם. די ייִנגערע קוקט אַהין מיט קנאה. די נייגיריקייט פאַרברענט זי, עס הייבט זי אונטער פונם אָנגעוויזענעם פּלאַץ. זי שלייכט זיך צו, נאָר די שוועסטער שטויסט זי אָפּ מיט כעס. דאַן וואַרט זי ווידער אינדרויסן, צוויי, דריי מינוטן, וועלכע ווייזן זיך איר אויס, ווי אַן אייביקייט. זי ציטערט פאַר אומגעדולד, זי צאַפּלט אַהין און אַהער, ווי זי וואָלט געשטאַנען אויף אַן אָנגעגליטן באָדן. זי צעוויינט זיך שיער פאַר צעטראָגנקייט און כעס, וואָס די שוועסטער הערט אַלדינג און זי גאָרנישט. מיטאַמאָל הערט זיך אַ טיר צומאַכן דעריי־נען, אין דריטן צימער. זי טוט אַ הויסט. און בײדע לאָזן זיך לויפן אין זייער צימער אַריין. דאָרט בלייבן זיי שטיין אַן אויגנבליק אָן אָטעם, מיט קלאַפּנדיקע הערצער.

דאַן ווערט די ייִנגערע צודרינגלעך:

„נו. . . דערצייל מיר".

די עלטערע מאַכט אַ נאָכדענקלעכע מינע, ענדלעך זאָגט זי, גאַנץ פאַרטראַכט, ווי צו זיך אַליין:

„איך פאַרשטיי עס נישט !"

„וואָס ?"

„עס איז אַזוי מערקווירדיק".

„וואָס. . . וואס ?. . ." די ייִנגערע מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם

רעדט קוים אַרויס די ווערטער. ענדלעך פּרוּווט די שוועסטער זיך צו באַרויקן. די קליינע רוקט זיך צו צו איר גאָר נאָענט, כּדי ס׳זאָל איר נישט פאַרלוירן גיין קיין איין וואָרט.

„עס איז געווען זייער מערקווירדיק... גאָר אַנדערש, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט. איך רעכן, אַז ווי ער איז נאָר אַריינגעקומען אין צימער, האָט ער זי געוואָלט אַרומנעמען, אָדער קושן, וואָרים זי האָט אים געזאָגט:

„לאָז דאָס, איך האָב מיט דיר צו רעדן וועגן אַן ערנסטער זאַך!"

„זעען האָב איך גאָרנישט געקאָנט, דער שליסל האָט געשטעקט פון אינעווייניק, אָבער איך האָב גאַנץ דייטלעך געהערט. „וואָס איז דען געשען?" האָט אָטאָ דערויף געענטפערט. דאָך, איך האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזוי רעדן. דו ווייסט דאָך, ער האָט געוויינטלעך ליב צו רעדן אַזוי פרעך און אויפן קול. דאָס אָבער האָט ער אַרויסגערעדט אַזוי שרעקעוודיק, אַז איך האָב גלייך דערשפּירט, ער האָט פאַר עפּעס מורא. און אויך זי האָט געמוזט באַמערקן, אַז ער מאַכט זיך כּלומרשט נישט פאַרשטייען, וואָרים זי האָט נאָר גאַנץ שטיל געזאָגט: „דו ווייסט עס שוין?" — — „ניין, איך ווייס פון גאָרנישט". — „אַזוי", האָט זי דערויף געזאָגט — און אַזוי טרויעריק, אַזוי שרעקלעך טרויעריק — „טאָ פאַרוואָס האַלטסטו דיך אַצינד פון מיר אַזוי פונדערווייטנס? שוין אַכט טאָג האָסטו מיט מיר קיין איין וואָרט נישט גערעדט, דו מיידסט מיך אויס, וואו דו קאָנסט נאָר, מיט די קינדער גייסטו שוין נישט, אין פּאַרק אַריין קומסטו נישט. בין איך דיר מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי פרעמד? אָ, דו ווייסט שוין, פאַרוואָס דו האָסט אָנגעהויבן מיטאַמאָל מיך האַלטן פונדערווייטנס".

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע און דאַן געזאָגט:

„איך בין אַצינד פאַר די עקזאַמענס, איך האָב אַ סך אַרבעט און האָב נישט קיין צייט צו אַנדערע זאַכן. עס לאָזט זיך אַצינד נישט מאַכן אַנדערש". דאַן האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען און דורך טרערן אים געזאָגט, אָבער אַזוי ווייך און גוט: „אָטאָ, פאַרוואָס זאָגסטו ליגנס? זאָג בעסער דעם אמת, דאָס האָב איך

מירווירקלעך נישט פאַרדינט באַ דיר. איך האָב דאָך גאָרנישט פאַרלאַנגט, אָבער עס דאַרף דאָך גערעדט ווערן וועגן דעם צווישן אונז ביידע. דו ווייסט שוין, וואָס איך האָב דיר צו זאָגן, איך דער־קען עס דיר אין די אויגן". — „וואָס אזוינס?" האָט ער געשטאַמלט, אָבער זייער, זייער שוואַך. און דאַן האָט זי גע־זאָגט..." —

דאָס מיידל הייבט פּלוצלינג אָן צו ציטערן און קאָן נישט רעדן ווייטער פאַר צעטראָגנקייט. די יינגערע דריקט זיך ענגער צו איר. „וואָס... וואָט אַזוינס?"

„דאַן האָט זי געזאָגט: „איך האָב דאָך פון דיר אַ קינד!"

די קליינע שפּרינגט אויף ווי אַ בליץ

„אַ קינד! אַ קינד! דאָס איז דאָך אוממעגלעך!".

„אָבער זי האָט אַזוי געזאָגט".

„דו האָסט געמוזט שלעכט הערן".

„ניין, ניין! און ער האָט עס נאָכגעזאָגט; ער איז אויפגע־שפּרונגען, פונקט אַזוי ווי דו און האָט אויסגעשריגן: „אַ קינד!" זי האָט לאַנג געשוויגן און דערנאָך געזאָגט:

„וואָס וועט אַצינד זיין? און דערנאָך..."

„און דערנאָך?"

„דערנאָך האָסטו אַ הוסט געטון און איך האָב געמוזט אַוועק־לויפן".

די יינגערע בלייבט פאַרבליפט און קוקט פאַר זיך מיט אַ פאַרגליווערטן בליק. „אַ קינד! דאָס איז דאָך אוממעגלעך. ווי קאָן זי דען האָבן דאָס קינד?"

„איך ווייס נישט. דאָס איז עס דאָך, וואָס איך פאַרשטיי נישט".

„אפשר איגדערהיים ערגעץ... איידער זי איז צו אונז אָנ־געקומען. די מאַמאַ האָט איר מסתמא צוליב אונז נישט דערלויבט, זי זאָל עס מיטברענגען. דערפאַר איז זי אויך אַזוי טרויעריק".

„אָבער לאָז צו רו, דעמאָלט האָט זי דאָך אָטאָ נאָך אינ־גאַנצן נישט געקענט!"

זיי שווייגן ווידער, הילפלאָז און אומבאַשטימט נאָכגריבלענ־דיק. דער געדאַנק פּייניקט זיי. און ווידער הייבט די קלענערע אָן: „אַ קינד, דאָס איז גאַנץ אוממעגלעך! ווי אַזוי קען זי האָבן אַ קינד? זי איז דאָך נישט פאַרהייראַט, און נאָר פאַרהיראַטע מענטשן האָבן קינדער, דאָס ווייס איך".

„אפשר איז זי געווען פאַרהייראַט".

„זיי דאָך נישט אַזוי נאַריש. זי האָט עס דאָך נישט גע־קאָנט זיין מיט אַטאַ".

„אָבער ווי אַזוי...?"

זיי קוקן זיך ביידע אָן הילפלאָז.

„דאָס אָרעמע פרייליין", זאָגט אייגע זייער טרויעריק.

דאָסדאָזיקע וואָרט ווערט כסדר איבערגעחזרט, באַגלייט מיט אַ מיטלייד־זיפץ. און די נייגיריקייט פלאַקערט אויף ביי זיי װאָס אַמאָל שטאַרקער.

„איז עס אַ מיידל אָדער אַ ייִנגל?"

„ווער קען דאָס וויסן?"

„ווי מיינסטו... ווען איך זאָל זי אַמאָל פרעגן, דייער, זייער פאַרזיכטיק..."

„דו ביסט משוגע!"

„פאַרוואָס... זי איז דאָך צו אונז אַזוי גוט".

„אָבער וואָס פאַלט דיר איין! אונז דערציילט מען דאָך נישט אַזעלכע זאַכן. פאַר אונז פאַרשווייגט מען אַלדינג. אַז מיר קומען אַריין אין צימער, הערן זיי תּמיד אויף צו שמועסן און רעדן מיט אונז נאַרישקייטן, גלייך מיר וואָלטן געווען קינדער, און איך בין שוין דרייצען יאָר אַלט. צו וואָס ווילסטו זי פרעגן, אונז זאָגט מען דאָך בלויז ליגנט".

„אָבער איך וואָלט עס אַזוי וועלן וויסן".

„דו מיינסט, איך נישט?"

„דו ווייסט... אַמשווערסטן איז פאַר מיר צו פאַרשטיין דאָס, וואָס אַטאַ זאָל גאָרנישט האָבן געוואוסט דערפון. מ'ווייסט דאָך, אויב מ'האָט אַ קינד, פונקט ווי מען ווייסט, אַז מ'האָט עלטערן".

„ער האָט בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל, דער נידערטרעכ־
טיקער. ער נאַרט תּמיד.“

„אָבער באַ אַזאַ זאַך וועט ער דאָך עס נישט טון. נאָר...
נאָר... אויב ער זאָל אונדז נאָר פּרוּוון אָפּנאַרן...“

מיטאַמאָל קומט אַריין דאָס פרייליין. זיי ווערן גלייך שטיל
און מאַכן זיך, ווי זיי וואָלטן געלערנט. נאָר פון דער זייט וואַרפן
זיי אויף איר פאַרגנבעטע בליקן. אירע אויגן זענען אויס רויטלעך,
איר קול שטילער און ציטערנדיקער ווי תּמיד. די קינדער זענען
גאַנץ שטיל און קוקן זי פּלוצלינג אָן מיט אַן ערפורכטיקער שרעק.
„זי האָט אַ קינד“, לאָזט זיי נישט אָפּ דער געדאַנק, „דעריבער
איז זי אַזוי טרויעריק“. און ביסלעכווייז פאַלט אויף זיי אַליין אויך
אָן אַ טרויער.

*     *
*

אויפן אַנדערן טאָג באַם מאָלצייט, דערוויסן זיי זיך אַן אומ־
געריכטע נייעס. אָטאָ פאַרלאָזט זייער הויז. ער האָט דעם אָנקל
דערקלערט, אַז ער געפינט זיך איצט באַענגט פאַר די עקזאַמענס,
ער מוז פלייסיקער אַרבעטן און דאָ שטערט מען אים. ער וועט
ערגעץ דינגען אַ צימער אויף דעם איינעם אָדער צוויי חדשים,
ביז ער וועט מיט אַלץ פאַרטיק ווערן.

ביידע קינדער ווערן שטאַרק צעטראָגן, ווען זיי דערהערן
דאָס. זיי זענען זיך משער, אַז דאָס האָט עפּעס אַ געהיימע שייכות
מיט דעם נעכטיקן געשפּרעך, מיט זייערע פאַרשאַרפטע אינסטינקטן
דערשפּירן זיי אין דעם אַ פּחדנות, אַן אַנטלויפן. בעת אָטאָ וויל
זיך מיט זיי געזעגענען, ווערן זיי ברוטאַל און ווענדן צו אים דעם
רוקן. אָדער זיי קוקן בגנבה ווי ער שטייט פאַר דער פרייליין. ער
מירמלט קוים אַרויס דאָס אָפּשייד־וואָרט. נאָר זי דערלאַנגט אים
רויִק די האַנט, נישט רעדנדיק קיין וואָרט.

די קינדער זענען דורך די עטלעכע טעג גאָר אַנדערש גע־
וואָרן. זיי האָבן אויפגעהערט זיך צו שפּילן און צו לאַכן, פון

זייערע אויגן איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן דער הייטערער, זאָרגלאָזער גלאַנץ. אַן אומרויִקייט און אַ צווייפֿלען האָט זיך פֿאַרקליבן אין זיי. אַ ווילדער, אומצוטרויִ צו אַלע מענטשן, וואָס זענען אַרום זיי. זיי גלייבן שוין נישט, וואָס מען זאָגט זיי, זיי זענען חושד אין יעדן וואָרט ליגנט און צביעות. זיי קוקן און שפּירן נאָך דעם גאַנצן טאָג, זיי פֿאָרשן נאָך יעדע באַוועגונג, זיי כאַפּן אויף יעדן וואונק און יעדע באַטאָנונג, ווי שאָטנס שלייכן זיי נאָך הינטער אַלדינג, זיי האָרכן זיך איין בײַ די טירן, כּדי עפּעס אויפֿצוכאַפּן, עס ברענט אין זיי אַ ליידנשאַפֿטלעכער פֿאַרלאַנג, אַראָפּצורייסן דעם טונקעלן שלייער פֿונעם דאָזיקן סוד, אָדער וויניקסטנס איין בליק צו וואַרפֿן דורך אַ שפּאַלט אויף דער וועלט פֿון ווירקלעכקייט. דער קינדערישער גלויבן, די דאָזיקע הייטערע, זאָרגלאָזע בלינדקייט, איז פֿון זיי פֿאַרשוואונדן געוואָרן. און אויסער דעם: זיי האָבן דאָס פֿאַרגעפֿיל, אַז דורך דער אָנגעזאַמלטער היץ פֿון די געשעענישן וועט קומען עפּעס אַ נײַער אויסברוך און זיי האָבן מורא, אַז זיי קאָנען אים פֿאַרשפּעטיקן. זינט זיי ווייסן, אַז אַרום זיי הערשט ליגנט, לויערן זיי עקשנותדיק נאָך און זענען אַליין געוואָרן צביעותדיק און ליגנעריש, בעת זיי געפֿינען זיך אין דער נאָענטקייט פֿון די עלטערן, ציען זיי אַרויף אויף זיך אַ כּלומרשטע קינדישקייט. אָבער דערנאָך פֿלאַקערן זיי אויף מיט אַ פּלוצלינגער באַוועגלעכקייט. זייער גאַנץ וועזן איז דורכגעדרונגען מיט אַ נערוועזער אומרויִקייט, זייערע אויגן, וואָס האָבן פֿריִער געהאַט אַ פֿייכטן מילדן גלאַנץ, זעען אַצינד אויס פֿינקלענדיקער און טיפֿער. זיי זענען אַזוי הילפֿלאָז אין זייער כּסדרדיקן נאָכשפּירן, אַז זיי ווערן מער האַרציקער איינע צו דער אַנדערער. טיילמאָל נעמען זיי זיך פּלוצלינג הייס אַרומנעמען אָן אומבאַוואוסטזיניק געפֿיל, נאָכגעבנדיק בלויז דעם פּלוצלינג אויפֿפֿלאַקערנדיקן צערטלעכקייט-באַדערפֿעניש, אָדער זיי הייבן אָן צו וויינען. עס דאַכט זיך, אַז אָן אַ שום סיבה איז מיטאַמאָל אַ קריזיס אַרײַנגעטרעטן אין זייער לעבן.

צווישן די פֿיל קרענקונגען, פֿאַר וועלכע זייער געפֿיל איז ערשט אַצינד וואַך געוואָרן, שפּירן זיי איינע אַמשטאַרקסטן. גאַנץ שטיל, נישט רעדנדיק קיין איין וואָרט, האָבן זיי באַשלאָסן ווי

טייט מעגלעך מיט עפּעס צו דערפרייען דאָס פריילין, וועלכע איז אַזוי טרויעריק. זיי מאַכן זייערע אויפגאַבן פלייסיק און זאָרגפעלטיק. העלפן זיך קעגנזייטיק אויס, זיי זענען שטיל און גיבן נישט קיין שום סיבה, מ'זאָל זיך קענען אויף זיי באַקלאָגן און דערפילן אויגנבליקלעך אַלץ, וואָס מען פאַרלאַנגט פון זיי. אָבער דאָס פריילין באַמערקט עס גאָרנישט און דאָס פאַרשאַפט זיי אַ ווייטיק. זי האָט זיך אינגאַנצן פאַרענדערט אין דער לעצטער צייט. טייל־מאָל, ווען איינע פון די מיידלעך ווענדט זיך צו איר, ציטערט זי אויף, ווי זי וואָלט זיך דערשראָקן אויפגעכאַפּט פון שלאָף. און עס דאַכט זיך דאַן, גלייך איר בליק וואָלט בלאָנדזשענדיק זיך צוריקגעקערט פון אַ גרויסער ווייטקייט. שעהן־לאַנג זיצט זי אָפט אויף איין אָרט און קוקט פאַרחלומט פאַר זיך. דעמאָלט גייען די מיידלעך אַרום אויף די שפּיץ־פינגער, כדי איר נישט צו שטערן, זיי שפּירן געפלהאַפטיק און סודותפול: אַצינד טראַכט זי וועגן איר קינד, וועלכעס געפינט זיך ערגעץ ווייט. און אויס דער טיפעניש פון זייער אויפוואַכנדיקער ווייבלעכקייט, פליסט בא זיי אַרויס אַ ליבשאַפט צו דעם פריילין, וואָס איז אַצינד געוואָרן אַזוי מילד און ליבלעך. איר אַמאָליקער פעסטער און שטאָלצער גאַנג איז אַצינד מיושבדיקער, אירע באַוועגונגען זענען פאָרזיכטיקער, און די קינדער שפּירן אין דעם אַלעם אַ געהיימען טרויער. וויינען האָבן זיי זי קיינמאָל נישט געזען, אָבער אירע אויגן זענען אָפט רויטלעך. זיי זענען זיך משער, אַז דאָס פריילין וויל איר ווייטיק האַלטן פון זיי בסוד, און זיי זענען פאַרצווייפלט, וואָס זיי קענען איר נישט העלפן.

און איינמאָל, בעת דאָס פריילין קערט זיך אָפּ צום פענצטער און ווישט מיטן טאַשנטיכל איבער די אויגן, נעמט זיך די קליינע פלוצלינג אָן מיט מוט, באַרירט לייכט איר האַנט און זאָגט:

„פריילין, איר זענט אין דער לעצטער צייט אַזוי טרויעריק, מיר זענען דאָך נישט שולדיק דערין, נישט אמת?"

דאָס פריילין קוקט זי אָן גערירט און גלעט זי מיט דער האַנט איבער די ווייכע האָר. „ניין, קינד, ניין", זאָגט זי. „איר געוויס נישט". און קושט זי ליבלעך אויפן שטערן.

* *

*

לויערנדיק און נאָכקוקנדיק, נישט אָפּוועגדנדיק זייער אויפמערקזאַמקייט פון דעם אַלעם, וואָס רינגלט זיי אַרום, האָט איינע, אַריינקומענדיק אַמאָל אומגעריכטערהייט אין צימער, פּלוצלינג אויפגעכאַפּט אַ וואָרט. עס איז בלויז געווען איין זאַץ, וואָרים די עלטערן האָבן גלייך אָפּגעהאַקט דאָס געשפּרעך, אָבער יעדעס וואָרט מאַכט אַצינד אויפפלאַקערן אין זיי טויזנטער השערות.

„מיר איז שוין אויך עפּעס קשה געוואָרן", האָט די מוטער געזאָגט. „איך וועל זי נעמען אויף אַ פאַרהער". דאָס קינד האָט תּחילת גערעכנט, אַז דאָס מיינט מען זיי און האָט מיט שרעק געאיילט צו דער שוועסטער נאָך אַן עצה, נאָך הילף. אָבער באַם מיטאָג האָבן זיי באַמערקט, ווי די עלטערנס בליקן זענען פאָרשנדיק אָנגעשטעלט אויף דעם פרייילינס פאַרחלומטן געזיכט און דערנאָך קוקן זיי זיך ביידע איבער.

נאָכן עסן זאָגט די מוטער צו דער פרייילין: „ביטע, קומט שפּעטער אַריין צו מיר אין צימער. איך האָב מיט אייך עפּעס צו רעדן". דאָס פרייילין בייגט לייכט מיטן קאָפּ. די מיידלעך נעמט אַרום אַ ציטער, זיי שפּירן, אַצינד וועט עפּעס געשען.

און גלייך, ווי דאָס פרייילין גייט אַריין אין צימער, וואַרפן זיך ביידע נאָך. דאָסדאָזיקע קלעבן באַ די טירן, דאָס דורכנישטערן אין אַלע ווינקלען, דאָס נאָכלויערן און אונטערהאָרכן איז פאַר זיי געוואָרן אַ גאַנץ פּשוטע זאַך. זיי שפּירן שוין נישט מער דאָס מיאוסע און פאַרשייטע, וואָס שטעקט דערין, זיי זענען באַהערשט בלויז פון איין געדאַנק, אַלע סודות צו באַזייטיקן, מיט וועלכע מען פאַרשטעלט זיי די אויגן.

זיי האָרכן. אָבער זיי הערן בלויז אַ לייכט צישערייי פון אויסגעפּליסטערטע ווערטער. זייערע קערפּערס ציטערן נערוועז. זיי האָבן מורא, אַז זיי קענען אַלץ פאַרהערן.

מיטאַמאָל לאָזט זיך דרינגען הערן אַ שטים הויך אויפן קול. עס איז דער מוטערס שטים. זי קלינגט בייז און קריגעריש:

„איר האָט געמיינט, אַז אַלע מענטשן זענען בלינד, אַז מען באַמערקט גאָר אַזעלכעס נישט? איך קען מיר שוין פאָרשטעלן, ווי אַזוי איר האָט דערפילט אייער פליכט מיט אַזעלכע געדאַנקען און מיט אַזאַ מאָראַל. און אַזאַ איינער האָב איך אָנפאַרטרויט די דערציונג פון מיינע קינדער, מיינע טעכטער, וועלכע איר האָט גאָט ווייסט ווי פאַרנאַכלעסיקט. . .”

דאָס פריילין ווייזט אויס ענטפערט עפּעס, אָבער זי רעדט צו שטיל, אַז די קינדער זאָלן עס קענען פאַרשטיין. „תירוצים, תירוצים! יעדע לייכטזיניקע פערזאָן האָט איר תירוץ. מען גיט זיך איבער דעם ערשטן בעסטן און מען טראַכט נישט וועגן קיין זאַך. מען פאַרלאָזט זיך אויף גאָטס נסים. און אַזאַ איינע וויל נאָך אַ דערציערין זיין. השגחה האָבן איבער מיידלעך. דאָס איז אַ פרעכהייט. איר רעכנט דאָך אַוודאי נישט, אַז איך וועל אייך אין דעמדאָזיקן צושטאַנד ווייטער האַלטן אין מיין הויז?”

די קינדער האָרכן אינדרויסן. אַ ציטער לויפט דורך איבער זייערע לייבער. זיי פאַרשטיין נישט דאָס אַלדינג, אָבער עס איז פאַר זיי שרעקלעך צו הערן זייער מוטערס צאָרנדיקע שטים און דערנאָך אַלס איינציקן ענטפער, דאָס שטילע ווילדע, שלוכצן פונם פריילין. טרערן קומען זיי אין די אויגן. אָבער די מוטער ווערט משמעות, וואָס אַמאָל אויפגערעגטער.

„דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איר ווייסט, אַצינד צו וויינען: דאָס רירט מיך נישט. אויף אַזעלכע מענטשן האָב איך נישט קיין רחמנות. וואָס מיט אייך וועט אַצינד ווערן, גייט מיך נישט אָן. איר וועט שוין וויסן, צו וועמען איר דאַרפט זיך ווענדן, איך פרעג אייך גאָרנישט וועגן דעם. איך ווייס נאָר, אַז אַזעלכן, וואָס האָט זייגע פליכטן אַזוי נידערטרעכטיק פאַרנאַכלעסיקט, קאָן איך קיין איין טאָג נישט האַלטן אין מיין הויז”.

בלויז אַ שלוכצן קומט אַלס ענטפער, דאָסדאָזיקע פאַרצווייפלטע, חיהש-ווילדע שלוכצן, וואָס מאַכט ציטערן די קינדער אינדרויסן ווי אין פיבער, זיי האָבן קיינמאָל נישט געהערט

אַזוי וויינען. און זיי פילן נעפּלהאַפטיק, אַז ווער עס וויינט אַזוי, קען נישט זיין אומגערעכט. זייער מוטער איז אַנטשוויגן געוואָרן און וואָרט. דערנאָך זאָגט זי פלוצלינג האַרט:

„אַלזאָ, דאָס האָב איך אייך נאָר געוואָלט זאָגן. נעמט היינט צוזאַמען אייערע זאַכן און קומט מאָרגן אינדערפרי נאָך אייער שכירות. אַדיע!"

די קינדער שפּרינגען אָפּ פון דער טיר און אַנטלויפן אין זייער צימער אַריין. וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? ווי אַ בליץ איז עס פאַר זיי דורכגעלאָפן. זיי בלייבן שטיין בלייך און ציטערנדיק. צום ערשטן מאָל דערשפירן זיי עפּעס אַן אָטעם פון דער ווירקלעכקייט. און צום ערשטן מאָל דערוועגן זיי זיך צו עמפינדן עפּעס ווי אַ ווידערשפּעניקונג קעגן די עלטערן.

„דאָס איז פון מאַמאַ געווען געמיין אַזוי צו רעדן מיט איר", זאָגט די עלטערע מיט פאַרביסענע ליפּן.

די קליינע דערשרעקט זיך נאָך פאַר דעם דרייסטן וואָרט.

„אָבער מיר ווייסן דאָך גאָרנישט, וואָס זי האָט געטון", שטאַמלט זי מיט פאַרביטערטקייט.

„זיכער קיין שום שלעכטס. דאָס פרייַלין קען נישט האָבן געטון קיין שלעכטס. מאַמאַ קען זי נישט".

„און ווי זי האָט געוויינט. אַ שרעק האָט מיך אַרומגענומען".

„יאָ, דאָס איז געווען שרעקלעך. אָבער ווי מאַמאַ האָט אויף איר געשריגן. דאָס איז געווען געמיין".

זי טופּעט מיטן פוס. אירע אויגן ווערן פאַרלאָפן מיט טרערן. דאַן קומט פלוצלינג אַריין דאָס פרייַלין. זי זעט אויס זייער מיד.

„קינדער, איך האָב היינט נאָכמיטאָג עפּעס צו טון. איר וועט בלייבן אַליין, נישט אמת, איך קאָן מיך אויף אייך פאַרלאָזן? איך וועל אין אָוונט צו אייך אַ בליק טון".

זי גייט אַוועק, נישט באַמערקנדיק די קינדערס צעטראָגנקייט.

„האָסט געזען, אירע אויגן זענען געווען אינגאַנצן פאַרוויינט. איך פאַרשטיי נישט, אַז מאַמאַ זאָל זי קענען אַזוי באַהאַנדלען".

„דאָס אָרעמע פריילין!"

עס קלינגט ווידער רחמנותדיק און דורך טרערן. זיי בלייבן שטיין פאַראומערט. דאַן קומט אַריין זייער מוטער און פרעגט, אויב זיי ווילן מיט איר פאָרן שפּאַצירן. די קינדער זאָגן זיך אָפּ. זיי האָבן מורא פאַר דער מאַמאַ. און חוץ דעם זענען זיי אין כּעס, וואָס מען זאָגט זיי גאָרנישט וועגן דעם פריילינס אַוועקגיין. זיי בלייבן ליבער אַליין. זיי שאַרן זיך הין און הער, ווי צוויי שוואַלבן אין אַן ענגער שטייג, געקוועלט פון דערדאָזיקער אַטמאָספערע פון ליגנט און פון פאַרשווייגן. זיי באַקלערן זיך, צי זאָלן זיי נישט אַרייַנגיין צום פריילין און זי פרעגן, רעדן מיט איר וועגן אַלץ, אַז זי זאָל דאָ ווייטער פאַרבלייבן און אַז מאַמאַ איז אומגערעכט. אָבער זיי האָבן מורא, אַז זיי וועלן איר פאַרשאַפן קרענקונג. און דערצו שעמען זיי זיך: אַלץ, וואָס זיי ווייסן, האָבן זיי דאָך אונטערגעהערט און נאָכגעשפּירט. זיי מוזן דעם אָנשטעל מאַכן, אַז זיי זענען נאַריש, נאַריש, ווי זיי זענען עס געווען ביז מיט צוויי, דריי וואָכן צוריק. און אַזוי זענען זיי געבליבן דעם גאַנצן אומענדלעכן לאַנגן נאָכמיטאָג אַליין, נאָכגריבלענדיק און וויינענדיק. אין זייערע אויערן האָבן כּסדר אָפּגעקלונגען יענע שרעקלעכע שטימען, דער בייזער, אכזריותדיקער צאָרן פון זייער מוטער און דאָס פאַרצווייפלטע שלוכצן פון פריילין.

אין אָוונט קומט דאָס פריילין אַריין צו זיי אויף אַ רגע און זאָגט זיי אַ גוטע נאַכט. די קינדער ציטערן אויף, זעענדיק ווי זי גייט צוריק אַרויס, זיי וואָלטן שטאַרק וועלן איר עפּעס זאָגן. אָבער איצט, בעת דאָס פריילין איז שוין בײַ דער טיר, קערט זי זיך אַליין פלוצלינג אום צו זיי, גלייך ווי עס וואָלט זי צוריקגעריסן די קראַפט פון זייער שטומען פאַרלאַנג. אירע אויגן זענען פאַרצויגן מיט אַ פייכטן און טריבן גלאַנץ. זי נעמט אַרום ביידע קינדער, וועלכע הייבן אָן ווילד צו שלוכצן, זי קושט זיי נאָכאַמאָל און גייט דערנאָך האַסטיק אַרויס.

די קינדער בלייבן שטיין מיט טרערן אין די אויגן. זיי פילן, אַז דאָס איז געווען אַן אָפּשייד.

„מיר וועלן זי שוין קיינמאָל נישט זען", וויינט איי־נע.

„וועסט זען, ווען מיר וועלן מאָרגן צוריקקומען פון דער שול, וועט זי שוין דאָ נישט זיין".

„אפשר וועלן מיר זי קענען שפּעטער באַזוכן. דאַן וועט זי אונז זיכער ווייזן איר קינד".

„יאָ, זי איז אַזאַ גוטע".

„דאָס אָרעמע פריילין". עס איז שוין אַ זיפץ אויף זייער אייגענעם גורל.

„קענסטו דיר פאָרשטעלן, ווי אַזוי ס'וועט אַצינד אויסזען אָן איר?"

„איך וועל קיינמאָל נישט קענען פאַרטראָגן קיין אַנדער פריילין".

„איך אויך נישט".

„קיין שום אַנדערע וועט נישט אַזוי גוט זיין צו אונז. און אַ חוץ דעם. . ."

זי דערוועגט זיך נישט עס אַרויסצוזאָגן. אָבער אַן אומבאַ־וואוסטזיניק ווייבלעכקייט־געפיל מאַכט זי פאַר זיי ערפורכטיק, זינט זיי ווייסן, אַז זי האָט אַ קינד. ביידע טראַכטן שטענדיק דערפון, אָבער אַצינד שוין נישט מיט יענער קינדישער נייגיריקייט, נאָר טיף גערירט און מיטליידיק.

„דו", זאָגט איינע, „הער אויס!"

„יאָ".

„ווייסט, איך וואָלט וועלן דעם פריילין פאַרשאַפן עפּעס אַ פרייד, איידער זי גייט אַוועק, כדי זי זאָל וויסן, אַז מיר האָבן זי ליב און אַז מיר זענען נישט אַזוי ווי די מאַמאַ. דו ווילסט?"

„ווי קאָנסטו עס גאָר פרעגן!"

„איך האָב מיר געטראַכט, זי האָט דאָך אַזוי ליב ווייסע רויזן, און דעריבער רעכן איך, אַז מיר זאָלן מאָרגן אײַנדערפרי,

איידער מיר גייען אין דער שול, קויפן עטלעכע און זיי אַריינ־שטעלן צו איר אין צימער".

„ווען אָבער ?"

„מיטאָג־צייט".

„דעמאָלט וועט זי שוין זיכער נישט זיין. ווייסטו וואָס, איך וועל ליבער גאַנץ פרי אַראָפּלויפן און זיי שנעל ברענגען, אַז ס'זאָל קיינער נישט באַמערקן. און דאַן וועלן מיר זיי איר אַריינברענגען אין צימער".

„יאָ, און מיר וועלן גאַנץ פרי אויפשטיין".

זיי נעמען זייערע אָפּשפּאָרונגס־קעסטלעך און שיטן פרייגי־ביק זייער גאַנץ געלט צוזאַמען. דאַן ווערן זיי ווידער פריילעכער פון דעם באַוואוסטזיין, אַז זיי וועלן נאָך האָבן די מעגלעכקייט אַרויס־צוווייזן דעם פריילין זייער שטומע, איבערגעגעבענע ליבע.

* *
*

גאַנץ פרי שטייען זיי אויף. ווען זיי קלאַפּן אָן בײַ דער פריילינס טיר, די שיינע, פולע רויזן האַלטנדיק אין דער לייכט־ציטערנדיקער האַנט, ענטפערט זיי קיינער נישט. זיי רעכענען, אַז דאָס פריילין שלאָפט נאָך און שלייכן זיך פאָרזיכטיק אַריין. אָבער דאָס צימער איז ליידיק, דאָס בעט אומבאַרירט. אַלץ אַרום ליגט צעוואָרפן אין אומאָרדנונג, אויף דעם טונקעלן טישטוך שימערן אַ פּאָר בריוו.

ביידע קינדער בלייבן דערשראָקן. וואָס איז געשען ? „איך גיי אַריין צו דער מאַמאַ", זאָגט די עלטערע אַנטשלאָסן, און פאַר־ביטערט, מיט אַ פינצטערן בליק, אָן שום מורא שטעלט זי זיך אַוועק פאַר איר מוטער און פרעגט :

„וואו איז אונזער פריילין ?"

„זי איז מסתמא אין איר צימער", זאָגט די מוטער דער־שטוינט.

„איר צימער איז ליידיק, דאָס בעט איז אומבאַרירט. זי איז

אַודאי נאָך נעכטן איינאָונטס אַוועקגעגאַנגען. פֿאַרוואָס האָט מען אונדז נישט געזאָגט דערפֿון."

די מוטער באַמערקט גאָרנישט דעם בייזן, אַרויספֿאָדערנדיקן טאָן. זי איז בלאַס געוואָרן און גייט אַריין צום פֿאָטער, וועלכער לאָזט זיך באַלד שנעל אין דעם פֿריילינס צימער אַריין.

ער בלייבט אינעווייניק זייער לאַנג. דאָס קינד באַטראַכט מיט אַ ציטערנדיקן בליק די מוטער, וואָס זעט אַזיינד אויס שטאַרק צעטראָגן און האָט מורא רעכט אויפֿצוהייבן די אויגן.

ענדלעך קומט דער פֿאָטער צוריק. זיין פּנים איז גאַנץ בלייך און ער האַלט אַ בריוו אין דער האַנט. ער גייט מיט דער מוטער אַריין אין צימער און רעדט דאָרט מיט איר זייער שטיל. די קינדער שטייען אינדרויסן און וואַגן שוין נישט אונטערצוהאָרכן. זיי האָבן מורא פֿאַרן פֿאָטערס צאָרן. זייער פֿאָטער זעט אַזיינד אויס אַזוי שרעקלעך, ווי זיי האָבן אים נאָך קיינמאָל נישט געזען.

די מוטער, וואָס קומט אַזיינד אַרויס פֿונעם צימער, האָט פֿאַרוויינטע אויגן און אַ פֿינצטערן בליק. די קינדער לויפֿן איר, נישט ווילנדיק, ווי פֿון זייער שרעק געטריבן, אַנטקעגן און ווילן זי פֿרעגן. אָבער זי זאָגט האַרט: „גייט אַזיינד אין שול, עס איז שוין שפּעט".

און די קינדער מוזן גיין. ווי אין חלום זיצן זיי דאָרט פֿיר, פֿינף שעה צווישן אַלע אַנדערע און הערן נישט קיין איינציק וואָרט. דערנאָך לויפֿן זיי ווילד צוריק אַהיים.

דאָרט איז אַלץ ווי תּמיד, נאָר עס דאַכט זיך, גלייך ווי עפּעס אַ שרעקלעכער געדאַנק וואָלט באַהערשט די מענטשן. קיינער רעדט נישט, נאָר אַלע, אַפֿילו די דינערשאַפֿט, האָבן עפּעס אייגנטימלעכע בליקן. די מוטער קומט די קינדער אַנטקעגן. זי האָט זיך, משמעות, פֿאָרגעברייט, זיי עפּעס צו זאָגן. זי הייבט אָן:

„קינדער, אייער פֿריילין וועט מער נישט קומען, זי איז. . ."

אָבער זי דערוועגט זיך נישט אַרויסצוזאָגן ביזן סוף. די

אויגן פוןביידע קינדער עסן זיך איין אין אירע אַזוי פּינקלענדיק, אַזוי דראָענדיק, אַזוי געפערלעך, אַז זי דערוועגט זיך נישט, ווי צו זאָגן אַ ליגנט. זי קערט זיך אָפּ און גייט אַוועק. זי פאַרבאַרגט זיך אין איר צימער.

נאָכמיטאָג שווימט פלוצלינג אויף אַטאַ. מען האָט אים אַהערגערופן. עס האָט זיך דאָ געפונען פאַר אים אַ בריוו. אויך ער איז בלייך. ער שטייט אָפּגעזונדערט און נידערשלאָגן. קיינער רעדט נישט מיט אים. אַלע מײַדן אים אויס. מיטאַמאָל דערזעט ער ביידע קינדער איינגעקורטשעט אין אַ ווינקל און וויל זיי באַגריסן.

„ריר מיך נישט אָן!" זאָגט איינע, ציטערנדיק פאַר עקל. און די אַנדערע שפּײַט אויס פאַר אים. ער בלאָנדזשעט נאָך אַרום פאַרלעגן און צעטומלט אַ צייט לאַנג. דערנאָך ווערט ער פאַרשוואונדן.

קיינער רעדט נישט מיט די קינדער. זיי אַליין רעדן אויך נישט צווישן זיך קיין וואָרט. בלייך און פאַראומערט, הילפלאָז, ווי חיהלעך אין אַשטייג, וואַנדערן זיי אַרום איבער די צימערן, טרעפן זיך ווידער, קוקן זיך אַריין אין די פאַרווייגטע אויגן און רעדן נישט קיין וואָרט. זיי ווייסן שוין אַצינד אַלדינג. זיי ווייסן, אַז מען האָט זיי אָפּגענאַרט, אַז אַלע מענטשן קענען זיין שלעכט און נידערטרעכטיק. זיי ליבן שוין נישט זייערע עלטערן, זיי גלייבן שוין נישט אין זיי. זיי ווייסן, אַז זיי טאָרן שוין צו קיינעם נישט האָבן קיין צוטרוי, אַז אַצינד וועט אויף זייערע שוואַכע אַקסלען זיך אָנהייבן די גאַנצע משא פון לעבן. זיי זעגען אויס דער ליבלעכער רויקייט פון זייער קינדהייט אַריינגעשליידערט געוואָרן, ווי אין אַן אָפּגרונט. נאָך קאָנען זיי נישט באַגרייפן דאָס שרעקלעכע, וואָס איז געשען אַרום זיי, אָבער זייערע מחשבות ווערגן זיך דערמיט און דראָען זיי צו דערשטיקן. אַ פיבערדיקע היץ ליגט אויף זייערע באַקן, און זייער בליק איז בייז און גערייצט. זיי בלאָנדזשען אויף און אָפּ, ווי פרירנדיק אין דער איינזאַמקייט. קיינער, צומאָל די עלטערן, דערוועגט זיך נישט מיט זיי צו רעדן, אַזוי שרעקלעך קוקן זיי יעצט אויס, זייער אומאויפהערלעך אַרומוואַנדערן שפּיגלט

אָפּ די איפּגערעגטקייט, וואָס ברויזט אין זיי. אַ שרעקלעכע געמיינזאַמקייט הערשט אין ביידע, הגם זיי רעדן נישט צווישן זיך. דאָס שטילשווייגן, דאָס נישט דורכדרינגלעכע, האַרטנעקיקע שטילשווייגן, דער עקשנותדיק פאַרשלאָסענער ווייטיק אָן געשריי און אָן טרערן מאַכט זיי צו אַלעמען פרעמד און געפערלעך. קיינער טרעט נישט צו צו זיי נאָענט, דער צוגאַנג צו זייערע נשמות איז אָפּגעהאַקט, אפשר אויף יאָרן גאַנצע. אַלע אַרום זיי פילן, אַז זיי זענען שונאים און פאַרביסענע שונאים, וואָס קאָנען שוין נישט מוחל זיין. וואָרים פון נעכטן אָן זענען זיי שוין נישט מער קיין קינדער.

אין דעמדאָזיקן נאָכמיטאָג ווערן זיי עלטער אויף אַ סך יאָרן. און ערשט, בעת זיי געפינען זיך אין אָוונט אַליין אין דער טונקלקייט פון זייער צימער, וואַכט אין זיי אויף די קינדישע מורא, די שרעק פאַר דער איינזאַמקייט, פאַר די געשטאַלטן פון טויטע און דערנאָך עפּעס אַ נעפּלהאַפטיקע מורא פאַר אומבאַשטימטע זאַכן. אין דער אַלגעמיינער צעטראָגנקייט האָט מען פאַרגעסן דאָס צימער צו הייצן. און זיי קריכן ציטערנדיק פון קעלט צוזאַמען אין איין בעט אַריין, נעמען זיך פעסט אַרום מיט די מאָגערע קינדערישע אָרעמס און דריקן איינע צו דער אַנדערע די קליינע, נאָך נישט אויפגעבליטע קערפּערס, ווי זוכנדיק הילף פאַר זייער מורא. זיי דערהעגן זיך נאָך אַלץ נישט צו רעדן צווישן זיך. אָבער ענדלעך ברעכט די ייִנגערע אויס אין אַ געוויין און די עלטערע שלוכצט ווילד מיט. פעסט אַרומגענומען וויינען זיי, באָדן זיך די פּנימער מיט די וואַרעמע, איינגעהאַלטענע און באַלד שנעל אַראָפּפליסנדיקע טרערן; ברוסט לעבן ברוסט, כאַפּן זיי אויף איינע פון דער אַנדערער דעם שלאָכצנדיקן שטויס און גיבן אים ציטערנדיק צוריק. אין אַן איינציקן ווייטיק זענען זיי ביידע צוזאַמענגעגאָסן, אין אַן איינציקן וויינענדיקן קערפּער אין דער פינצטערניש. עס איז שוין נישט מער דאָס פריילין, צוליב וועלכער זיי וויינען, נישט די עלטערן, וואָס עקזיסטירן פאַר זיי שוין נישט מער, נאָר עפּעס אַ פּלוצלינגער פּחד טרייסלט זיי, אַ מורא פאַר דעם אַלעם, וואָס דאַרף אַצינד קומען אויס דערדאָזיקער אומבאַקאַנטער וועלט, אין וועלכער זיי האָבן היינט געוואָרפן דעם ערשטן דערשראָקענעם

בליק. זיי האָבן מורא פאַר דעם לעבן, אין וועלכן זיי וואַקסן אַצינד אויף. פאַר דעם לעבן, וואָס שטייט פאַר זיי טונקל און דראָענדיק, ווי אַ פינצטערער וואַלד, וועלכן זיי מוזן דורכגיין. זייער צעשטמלט שרעק־געפיל ווערט וואָס אַמאָל בלאַסער, כמעט פאַרחלומט, וואָס אַמאָל שטילער ווערט זייער שלוכצן. זייערע אָטעם־צוגן פליסן אַצינד ווייך און מישן זיך צוזאַמען, ווי פריער זייערע טרערן. און אַזוי שלאָפן זיי ענדלעך איין.

דעם חודש אויגוסט פונם פאַרגאַנגענעם זומער האָב איך פאַר-
בראַכט אין קאַדענאַביאַ, איינס פון יענע קליינע שטעטלעך בײַ
דער קאָמאָ-אָזערע, וועלכע ליגן אַזוי רייצנד פאַרבאָרגן צווישן ווײַ-
סע ווילֿיעס אין טונקעלן וואַלד. אפילו אין די מער לעבהאַפטיקע-
רע פרילינג-טעג, בעת עס ווימלט איבערן שמאָלן ברעג מיט רײַזנ-
דע פון בעלאַדזשיאָ און מענאַדזשיאָ, הערשט אין קאַדענאַביאַ אַ
רויקייט און אַ שטילקייט, אַזוי, אַז איצט, אין דידאָזיקע הייסע וואָכן,
האָט דאָס שטעטל מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ דופטנדיקע, זון-באַ-
גלאַנצטע איינזאַמקייט. דער האָטעל איז געווען כמעט ליידיק:
בלויז עטלעכע פאַרבלאָנדזשעטע געסט, וועלכע האָבן זיך געחידושט
איינער אויפן אַנדערן, וואָס יענעם איז אײַנגעפאַלן אויסצוקלײַבן
אַזאַ פאַרוואָרפן אָרט צום זומער-אָפּרו און זיי פלעגן זיך וואונדערן
יעדן פרימאָרגן, וואָס זיי טרעפן נאָך איינער דעם אַנדערן אויפן
אָרט. צום מײַנסטן איז מיר געווען אַ חידוש אויף איינעם אַן על-
טערן, זייער בכבודיקן און פײַנעם הער, לויטן אויסזען אַ מיטל-
טיפּ צווישן אַ קאָרעקטן ענגלישן מלוכה-מאַן און אַ פאַריזער על-
גאַנט, וועלכער פלעגט נישט בעמען קיין אָנטייל אין קיין שום ספּ-
אָרט און דעם גאַנצן טאָג פאַרברענגען דערמיט, וואָס ער פלעגט
פאַרטראַכטערהייט זיך צוקוקן, ווי דער ציגאַרעטן-רויך ווערט צע-
טראָגן אין דער לופט, אָדער ער פלעגט הין און צוריק בלעטערן

אַ בוך. די דריקנדיקע איינזאַמקייט פון צוויי רעגנדיקע טעג און זיין אָפענע פריינטלעכקייט האָט זייער גיך צוגעגעבן אונזער באַקאַנטשאַפט אַ הארציקייט, וואָס האָט כמעט אינגאַנצן אָפּגעווישט דעם אונטערשיד פון אונזער עלטער. זייענדיק אַ ליפּלענדער געבוירן, דערצויגן אין פראַנקרייך און שפּעטער אין ענגלאַנד, באַרופלאָז פון אייביק אָן און זינט יאָרן אָן אַ באַשטענדיקן וואוין־אָרט, האָט ער געקאָנט פאַררעכנט ווערן צו יענעם מין היימלאָזע אין אידלען זין פון וואָרט, וואָס נעמען אויף אין זיך די קאָסטבאַרקייטן פון אַלע שטעט, דורך וועלכע זיי ציען דורך, ווי וויקינגען און פּיראַטן פון שיינקייט. דילעטאַנטיש איז ער באַאָענט געווען צו אַלע געביטן פון קונסט, אָבער שטאַרקער פון דער ליבע צו קונסט איז געווען די סובטעלע פאַראַכטונג, איר צו דינען: ער האָט איר געהאַט צו פאַרדאַנקען זייער אַ סך שיינע שעהן, נישט ווידמענדיק איר קיין איינציקע פון שעפערישער אַרבעט. ער האָט געפירט איינס פון יענע לעבנס, וואָס ווייזן זיך אויס פאַר איבעריק, ווייל זיי זענען נישט אָנגעשלאָסן צו קיין שום סביבה און ווייל דאָס גאַנצע עשירות פון איינדריקן, וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט דורך טויזנטער ווערטפולע איבערלעבענישן, ווערט צערינען מיט זייער לעצטן אָטעם־הויך.

ווען דעם האָב איך גערעדט מיט אים איינמאָל אין אַן אָוונט, בעת מיר זענען נאָכן אָוונט־עסן געזעסן פאַרן האָטעל און זיך צוגעקוקט, ווי די העלע אָזערע ווערט וואָס אַמאָל טונקעלער. ער האָט געשמייכלט:

„איר זענט אפשר נישט אומגערעכט. איך גלייב אפילו נישט אין דערינערונגען: דאָס איבערגעלעבטע איז איבערגעלעבט אין דער סעקונדע, ווען עס פאַרלאָזט אונז. און דיכטונג: גייט דאָס נישט פונקט אַזוי פאַרלוירן, צוואָנציק, פינפציק, הונדערט יאָר שפּעטער? אָבער איך וויל אייך היינט דערציילן עפּעס אַזעלכעס, פון וועלכן, ווי מיר שיינט, מ׳וואָלט געקאָנט מאַכן אַ שיינע נאָוועלע. קומט! וועגן אַזעלכע זאַכן רעדט זיך בעסער גייענדיק".

מיר האָבן זיך געלאָזט גיין לענגאויס דעם ברעג, וואָס איז געווען באַשאָטנט פון אוראַלטע ציפּריסן און קאַשטאַנען־ביימער,

און צווישן דעם געצווייג האָט מען אַרויסגעזען דעם אומרויִקן וואַסער-שפּיגל. אויף דער אַנדערער זייט איז געלעגן בעלאַדזשיאָ אונטער אַ ווייסן וואָלקן, מילד דורכגעוועבט מיט די צעשוואומענע פאַרבן פון דער פאַרבייגייענדיקער זון, און הויך, הויך אויבן איבער דעם טונקעלן באַרג האָט געגלאַנצט, פון דימענטן-שטראַלן אַרומגענומען, דער פינקלדיקער מויער-שפּיץ פון דער ווילִיע סערבעלאַני. די לופט איז געווען וואַרעם, אָבער נישט שטיקנדיק; ווי אַ ווייכער פרויען-אָרעם האָט זי זיך צערטלעך אָנגעלעגט אויף די שאָטנס און אָנגעפולט דעם אָטעם מיט דעם ריח פון אומזעבאַר בליונג.

ער האָט אָנגעהויבן:

„גאָר צום ערשטן מוז איך מיך מודה זיין אין אַ זאַך. איך האָב פאַר אייך ביז אַצינד פאַרשוויגן, אַז איך בין שוין אין פאַרגאַנגענעם יאָר דאָ געווען, דאָ אין קאָדענאַביאַ, אין דערזעלבער צייט פון יאָר און אין דעמזעלבן האָטעל. איר וועט זיך אַוודאי וואונדערן דערויף, און באַזונדערס נאָכדעם, ווי איך האָב אייך שוין דערציילט, אַז איך האָב פון תּמיד אָן אויסגעמיטן איבערצוחזרן עפּעס אין מיין לעבן. אָבער הערט אויס! עס איז פאַרשטייט זיך געווען פּונקט אַזוי איינזאַם, ווי אַצינד. עס איז דאָ געווען דער אייגענער הער פון מאַילאַנד, וואָס פאַרנעמט זיך אַ גאַנצן טאָג מיט פאַנגען פיש, כּדי זיי פאַרנאַכט ווידער אָפּצולאָזן און אויפן צווייטן טאָג ווידער צו פאַנגען; עס זענען געווען צוויי ענגלענדערינס, וואָס זייער שטילע, איינטעניקע עקזיסטענץ איז קוים באַמערקט געוואָרן דורך עמעצן, ווייטער האָט זיך דאָ געפונען אַ שיינער יינגערמאַן מיט אַ ליבלעך, בלאַס מיידל, אויף וועלכער איך גלייב נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט, אַז זי איז געווען זיין פרוי, ווייל זיי האָבן זיך צופיל האַרציק פאַרהאַלטן איינער צום אַנדערן. ענדלעך אַ דייטשישע פאַמיליע, אַ צפון-דייטשישע פאַמיליע פון שאַרפסטן טיפּ. אַן עלטערע, זעמל-בלאָנדע ביינערדיקע דאַמע מיט שפּיציקע, מיאוסע תּנועות, שטעכעדיקע שטאָלערנע אויגן און אַ, ווי מיט אַ מעסער אויסגעשניטן, שאַרף, קריגעריש מויל. מיט איר איז געווען נאָך איינע, אַ שוועסטער, משמעות, ווייל זי האָט גע-

האָט די אייגענע שטריכן, נאָר צעצויגן, צעקנייטשט, עפּעס ווי וויך געוואָרענע. ביידע זענען תּמיד געווען צוזאַמען און דאָך קיינמאָל נישט געשמועסט צווישן זיך, שטענדיק געבויגן איבער זייער שטיקעריי, אין וועלכער זיי האָבן, ווייזט אויס, זייער גאַנצע געדאַנקענלאָזיקייט אַריינגעשפּינט, זיי האָבן אויסגעזען, ווי פאַרעקשנטע גולמס אויס אַ וועלט פון לאַנגווייליקייט און באַגרענעצטקייט. און צוזאַמען מיט זיי האָט זיך געפינען אַ ייִנג מיידל פון אַן ערך זעכצן יאָר אַלט, אַ טאָכטער פון איינער פון זיי ביידע, איך ווייס נישט פון וועלכער, וואָרים אירע נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעפאָרמטע שטריכן זענען שוין געווען אויסגעמישט מיט אַ פרויענהאַפטער בולטקייט. זי איז אייגנטלעך געווען נישט שיין, צו שלאַנק, אומרייף, און דערפאַר זעלבסטפאַרשטענדלעך אומגעשיקט געקליידט, אָבער עס איז געלעגן עפּעס רירנדיקס אין איר הילפלאָזער פאַרבענקטקייט. אירע אויגן זענען געווען גרויס און פול מיט אַ מאַטן גלאַנץ, אָבער זיי האָבן זיך תּמיד אָפּגעווענדט מיט פאַרלעגנהייט. אויך זי פלעגט תּמיד קומען מיט עפּעס אַן אַרבעט, נאָר אירע הענט פלעגן זיך אָפטמאָל אָנהייבן פאַמעלעך צו באַוועגן, די פינגער זענען ווי איינגעשלאָפן און זי פלעגט בלייבן זיצן שטיל, מיט אַ פאַרחלומטן, אומבאַוועגלעכן בליק צו דער אָזערע געווענדט. איך ווייס נישט, פאַרוואָס מיך פלעגט אַרומנעמען אַזאַ מאָדנע געפיל, קוקנדיק אויף דעם. איז דאָס געווען דורכן באַנאַלן אָבער אומפאַרמיידלעכן געדאַנק, וועלכער באַפאַלט איינעם, ווען ער זעט די אָפּגעבליטע מוטער מיט דער בליענדיקער טאָכטער, דעם שאָטן הינטער דעם געשטאַלט, דער געדאַנק, אַז אין יעדער בליענדיקער באַק וואַרט שוין פאַרבאָרגענערהייט אַ קנייטש, אין יעדן געלעכטער ליגט שוין פאַרבאָרגן די מידקייט און אין יעדן חלום די אַנטוישונג? אָדער אפשר האָט גורם געווען דערצו די ווילדע, ברודנדיקע, ציללאָזע בענקשאַפט, וואָס מען האָט אין איר געקאָנט דערקענען, יענע איינציקע, וואונדערלעכע מינוטן אין לעבן פון מיידלעך, בעת זיי ווענדן אַ פאַרשמאַכטן בליק אין וועלט-רוים אַריין, ווייל זיי האָבן נאָך נישט דאָס, אָן וועלכן זיי קלאַמערן זיך דעמאָלט און אָן וועלכן זיי הענגען זיך אָן, ווי וואַסער-געוויקסן אויף

שווימענדיק האַלץ? מיך האָט זייער שטאַרק געצויגן, זי צו באַאָבאַכטן, דעם פאַרחלומטן, פייכטן בליק, דעם ווילדן, אומגעוויינלעכן אופן, מיט וועלכן זי פלעגט צערטלען יעדן הונט און יעדע קאַץ, די אומרויִקייט, וואָס האָט זי געטריבן אַ סך זאַכן אָנצוהייבן און קיין איינציקע נישט צו פאַרענדיקן. און דאַן די גליענדיקע האַסטיקייט, מיט וועלכער זי פלעגט אָוונט-צייט דורכנישטערן די פאַר אָרעמע ביכלעך פון דער האָטעל-ביבליאָטעק, אָדער בלעטערן אין די צוויי אַלטע, אָפגענוצטע בענדער לידער, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט אַהער, איר געטהע און באַמבאַך... אָבער פאַרוואָס שמייכלט איר?"

איך האָב מיך געמוזט אַנטשולדיקן:

„עס איז בלויז צוליב דעם צוזאַמענשטעל, געטהע און באַמבאַך".

„אַך, דאָס! גאַטירלעך, עס איז טאַקע קאָמיש. און אפשר נישט. גלייבט מיר, אַז פאַר יינגע מיידלעך אין דער עלטער איז אַלצייינס, צי זיי לייענען גוטע אָדער שלעכטע, עכטע אָדער געפעלשטע פּאָעזיע. פאַר איין זענען פערזן בלויז נאָר, ווי בעכערס צום טרינקען, זיי אָבער לייגן גאָרנישט קיין אַכט אויפן ווייך, וואָרים זיי זענען שוין פאַרשיכורט נאָך איידער זיי האָבן געטרונקען. און אַזוי איז אויך געווען מיטן דאָזיקן מיידל, זי איז געווען אַזוי איבערפולט מיט בענקשאַפט, אַז זי האָט איר פון די אויגן אַרויסגעגלאַנצט, געמאַכט ציטערן אירע פינגער-שפּיצן איבערן טיש און צוגעגעבן איר גאַנג אַן אייגנאַרטיקע אומגעשיקטקייט און דאָך אַ מין באַפליגלטקייט, עפּעס אַזעלכעס צווישן שוועבן און אַנטלויפן. מען האָט דערקענט אין איר, אַז זי לעכצט מיט עמעצן צו רעדן, אַרויסצוגעבן אַ טייל פון דעם, מיט וועלכן זי איז איבערפולט, נאָר זי האָט דאָ קיינעם נישט געהאַט, בלויז איינזאַמקייט, בלויז דאָס שאַרכן פון די שפּיזלעך רעכטס און לינקס און די קאַלטע, ערנסטע בליקן פון די ביידע דאַמען. מיך איז באַפאַלן אַ גרויס רחמנות צו איר. אָבער דאָך, נישט קוקנדיק דערויף, האָב איך נישט געקאָנט ווערן מיט איר נענטער, ווייל ערשטנס, וואָס פאַר אַ חשיבות האָט אַן עלטערער מענטש פאַר אַ מיידל אין אַזאַ מאָמענט, און חוץ

דעם, מיין אָפּנייגונג צו פאַמיליען-באַקאַנטשאַפטן און באַזונדערס א באַקאַנטשאַפט מיט עלטערע בירגערלעכע דאַמען האָט דערשטיקט אין מיר יעדן וואונטש דערצו. דאַן איז מיר געקומען אויפן געדאַנק א מאָדנער איינפאַל. איך האָב מיר געטראַכט: דאָס איז אַ ייִנג מיידל, איינפאַך און אומדערפאַרן, דאָס ערשטע מאָל אוודאי אין איטאַליען, וואָס גילט אין דייטשלאַנד, אַ דאַנק דעם ענגלענדער שעקספּיר, וועלכער איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען, פאַר אַ לאַנד פון ראָמאַנטישער ליבע, פון ראָמעאָס, וואונדערלעכע פּאַסירונגען, פאַלנדיקע פעכערס, בליצנדיקע קינזשאַלן, מאַסקעס, אויפזועריגס אויף מיידלשער צניעות און צערטלעכע בריוו. זי חלומט געוויס פון ליבעס-פּאַסירונגען און ווער קאָן די מיידלשע חלומות, דידאָזיקע ווייסע, פלאַטערנדיקע וואָלקנס, וואָס שוועבן אַרום אָן אַ ציל אין הימל-בלויקייט און ווערן תמיד פאַרנאַכט-צו, אַזוי ווי די וואָלקנס, אין הייסע פאַרבן, אין ראָזאַ און דערנאָך אין פייער-רויט צעגליט? דאָ וועט זיך איר קיין זאַך נישט אויסווייזן פאַר אומגלויבלעך און אוממעגלעך. און איך האָב באַשלאָסן, צו דערפינדן פאַר איר אַ געהיימניספולן ליבהאָבער.

„און נאָך אינם זעלבן אָוונט האָב איך אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו, פול מיט הכנעהדיקער און רעספּעקטפולער צערטלעכקייט, מיט פרעמדאַרטיקע רמזים און אָן אַן אונטערשריפט. אַ בריוו, וועלכער האָט גאָרנישט פאַרלאַנגט, גאָרנישט צוגעזאָגט, פול מיט צוגעלאָזנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט צו גלייכער צייט, קורץ, אַ ראָמאַנטישן ליבע-בריוו, ווי פון אַ בוך אַרויסגענומען. און אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז זי, פון אומרויקייט געטריבן, קומט יעדן טאָג די ערשטע צום פרישטיק, האָב איך אים איינגעוויקלט אין דער סערוועטע. דער פרימאָרגן איז געקומען. איך האָב זי באַאָבאַכט פון גאָרטן אַרויס, איך האָב געזען איר אומגעווייגלעכע איבעראַשונג, איר פּלוצלינגדיקע שרעק, איך האָב געזען דעם רויטן פלאַם, וואָס איז אַרויסגעטרעטן אויף אירע בלאַסע באַקן און זיך אויסגעשפּרייט טיף, ביז צו דער קעל. איך האָב געזען איר הילפלאָז אַרומקוקן זיך, דאָס ציטערן, די געהיימניספולע באַוועגונג, מיט וועלכער זי האָט דעם בריוו באַהאַלטן, און דערנאָך, ווי זי איז

געדעסן אומרויִק אין נערוועז, קוים צוריִרנדיק זיך צום פרישטיק און באַלד אויפשפּרינגענדיק, אַרויסלויפנדיק, ערגעץ־וואו אין די טונקעלע, ליידיקע קאָרידאָרן, כדי די סודותדיקע שריפט צו אַנט־ציפערן. . . איר ווילט עפּעס זאָגן?"

איך האָב נישט ווילנדיק געהאַט געמאַכט אַ באַוועגונג, וועל־כע איך האָב געמוזט אַצינד אויפקלערן. „איך באַטראַכט דאָס פּאָר זייער דרייסט. איז אייך גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז זי קאָן נאָכ־פאָרשן, אָדער גאָר פשוט, דעם קעלנער פרעגן, פונוואַנען דער בריוו האָט זיך גענומען אין דער סערוועטע, אָדער אים ווייזן דער מוטער?

„נאַטירלעך האָב איך געטראַכט דערפון. אָבער ווען איר זאָלט האָבן געזען דאָס מיידל, דאָסדאָזיקע אומדרייסטע, צעשראָקענע ליבע באַשעפעניש, וואָס האָט זיך תמיד אַרומגעקוקט מיט מורא, ווען זי פלעגט אַמאָל אומגערן זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ צו־הויך וואָרט, וואָלט בײַ אייך פאַרשוואונדן געוואָרן יעדער חשד וועגן דעם. עס זענען פאַראַן מיידלעך, בײַ וועלכע די שעמעוודיקייט איז אַזוי גרויס, אַז איר קאָנט זיך דערוועגן צו טון מיט זיי די אויסטער־לישסטע זאַכן, וואָרים זיי זענען אַזוי הילפלאָז און וועלן ליבער אַריבערטראָגן דאָס ערגסטע, איידער זיך אָנצופאַרטרויען צו עמעצן מיט אַ וואָרט. איך האָב איר נאָכגעקוקט מיט אַ שמייכל און האָב מיך געפרייט, וואָס מיין שפּיל איז מיר אַזוי גוט געלונגען. זי איז באַלד צוריקגעקומען און איך האָב פלוצלינג דערפילט, ווי דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטון צו די שלייפן: דאָס איז געווען שוין גאָר אַן אַנדער מיידל, אַן אַנדערער גאַנג. זי איז אַרומגעגאַנגען אומרויִק און צעטומלט, דאָס פּנים באַגאָסן מיט אַ הייס־גליִענדיקער כוואַליע און מיט עפּעס אַ זיסער פאַרלעגנהייט, וואָס האָט צוגע־געבן אירע באַוועגונגען אַן אומגעשיקטקייט. און אַזוי האָט געדויִ־ערט אַ גאַנצן טאָג. איר בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן פענצטער, גלייך ווי זי וואָלט פון דאָרט געקאָנט דעם סוד דערגיין, יעדן פאַרבייגייענדיקן האָט זי באַטראַכט, און איינמאָל איז איר בליק געפאַלן אויך אויף מיר, נאָר איך האָב אים פאָרזיכטיק אויס־געמיטן, אויס מורא, אַז איך וועל מיך נאָך אויסגעבן; אָבער אין

יענער בליץ־שנעלער סעקונדע האָב איך דערפילט אַ פייער, וואָס האָט געשפריצט פונם דאָזיקן פרעגנדיקן בליק, אַז איך האָב מיך שיער דערשראָקן און נאָך אין אַ סך יאָרן אַרום האָב איך עמפינדן, אַז קיין שום תאווה קאָן נישט זיין אַזוי געפערלעך, אַזוי פאַרפירעריש און רויִנירנדיק, ווי דער פאַרלאַנג, צו מאַכן אויפפלאַקערן יענעם ערשטן פונק אינם אויג פון אַ מיידל. איך האָב זי באַטראַכט, ווי זי איז געזעסן צווישן די צוויי דאַמען מיט פאַרהלשטע פינגער און איך האָב באַמערקט, ווי זי פלעגט פון צייט צו צייט האַסטיק אָנבעמען איר קלייד אויף איין אָרט, אויף וועלכן איך בין געווען זיכער, אַז זי האָט דעם בריוו באַהאַלטן. דערדאָזיקער שפּיל האָט מיך אָנגעהויבן צו רייצן. און נאָך אינם זעלבן אָוונט האָב איך אָנגעשריבן צו איר אַ צווייטן בריוו און אַזוי די נאָענטסטע פאָלגנדיקע טעג: איך אַליין האָב אָנגעהויבן צו פילן אַ רייצנדיקן פאַרלאַנג, צו פאַרקערפערן אין מיינע בריוו די עמפינדונגען פון אַ פאַרליבטן יונגן מענטש, אויסצומאָלן דאָס שטופנווייזע וואַקסן פון אַ ליידנשאַפט, וועלכע איז געווען בלויז אויסגעטראַכט, עס איז געוואָרן פאַר מיר אַ שפּאַנענדיקער ספּאָרט, ווי עס פילן אים יעגער, בעת זיי שטעלן אויף נעצן, אָדער ווען זיי פאַרנאַרן אין געלויף דאָס ווילד־רויב. מיין דערפאָלג איז פאַר מיר אַליין געווען אַזוי אומדערוואַרטעט, כמעט איבערשרעקנדיק, אַז איך האָב שוין געטראַכט אויפצוהערן, איך האָב אָבער נישט געקאָנט ביישטיין דעם גליענדיקן נסיון, וואָס האָט מיך צוגעשמידט צו דעם אָנגעהויבענעם שפּיל. איר גאַנג האָט באַקומען אַ מין לייכטקייט, עפּעס אַ ווילדע צעמישטקייט, ווי פון טאַנצן, אין אירע געזיכטס־צוגן האָט אויפגעשיינט אַן אייגנאַרטיקע, פיבערדיקע שיינקייט; איר שלאָף איז, משמעות, געווען בלויז אַ וואַרטן און וואַכן אויף דעם מאָרגנדיקן בריוו, וואָרים אירע אויגן זענען אין די פרימאָרגנס תמיד געווען אַרומגעוועבט מיט אַ טונקעלן שאָטן און געפינקלט מיט אַן אומרויִק פייערל. זי האָט אָנגעהויבן מער אַכט צו לייגן אויף זיך, די האָר באַפוצט מיט בלומען, אירע הענט זענען זאַנפטער געוואָרן און מיט אַ וואונדערלעכער צערטלעכקייט זיך באַצויגן צו אַלעם, און איר בליק איז געלעגן אַן אייביקע פראַגע, וואָרים זי האָט אַרויסגע-

פילט פון פאַרשידענע קלייניקייטן, וועלכע איך האָב אָנגעמערקט אין מיינע בריוו, אַז דער שרייבער מוז זיך געפינען נאָענט פון איר, אַ מלאך, וואָס פילט אָן די לופט מיט מוזיק, נאָענט שוועבנדיק, נאָכקוקנדיק די פאַרבאָרגנסטע זאַכן און דאָך בלייבנדיק נישט זעבאַר. זי איז געווען אַזוי מונטער, אַז אפילו די צוויי טעמפע דאַמען האָבן באַמערקט די ענדערונג, וואָרים זיי פלעגן טיילמאָל אָפּשטעלן אַ גיטיק־נייגיריקן בליק אויף דער איילנדיקער געשטאַלט און די אויפגעבליטע באַקן און דערנאָך זיך איבערקוקן מיט אַ פאַרבאָרגן שמייכלען. איר שטים האָט באַקומען קלאַנג, זי איז געוואָרן העכער, העלער, דרייסטער, און אין איר קעל פלעגט זיך אַ סך מאָל הערן אַ ציטערן און אויפברויזן, גלייך ווי עס וואָלט זיך פלוצלינג פון דאָרט וועלן אַרויסרייסן אַ געזאַנג אין יובלענדיקע טרילן, גלייך ווי... אָבער איר שמייכלט שוין ווידער!"

„ניין, ניין, איך בעט אייך, דערציילט ווייטער. איך טראַכט בלויז, אַז איר דערציילט זייער גוט, איר האָט — אַנטשולדיק מיר — טאַלענט און וואָלט עס זיכער אימשטאַנד געווען אַזוי גוט צו דערציילן, ווי איינער פון אונזערע נאָוועליסטן".

„דערמיט ווילט איר מיר אייגנטלעך העפלעך און פאָרזיכטיק אָנמערקן, אַז איך דערצייל אַזוי, ווי אייערע דייטשע נאָוועליסטן, דאָס הייסט, לירִיש איבערטריבן, צעצויגן, סענטימענטאַל, לאַנגווייליק. יאָ, איך וועל עס קורצער מאַכן! די מאַריאַנעטע האָט געטאַנצט און איך האָב געצויגן באַם שטריקל מיט אַן אויסגערעכנטער האַנט. און כדי אָפּצוווענדן פון מיר יעדן חשד — וואָרים טיילמאָל האָב איך געפילט, ווי איר פרעגנדיקער בליק שטעלט זיך אָפּ אויף מיינעם — האָב איך אין מיינע בריוו געגעבן אָן אָנצוהערעניש, אַז דער שרייבער וואוינט נישט דאָ, נאָר אין איינעם פון די שכנותדיקע קור־ערטער, פונוואַנען ער קומט יעדן טאָג אַהער אויף אַ שיפל אָדער דאַמפשיף. און פון דעמאָלט אָן פלעג איך זי זען תמיד, ווען עס האָט זיך דערהערט דער גלאָק פונם אָנקומענדיקן שיף, דורך אַ וועלכן ס'איז אויסרייד זיך אַוועקדרייען פון דער מוטערס אויפזיכט און האַסטיק אַוועקלויפן צום ברעג,

דאָרט האָט זי זיך געשטעלט אָן אַ זייט און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם באַטראַכט די אָנקומענדיקע.

„און ענדלעך איז איינמאָל פאָרגעקומען אַ זייער מערקווירדיקע זאַך. עס איז געווען אַ טריבער נאָכמיטאָג און איך האָב נישט קיין בעסערע באַשעפטיקונג, ווי זי צו באַאָבאַכטן. צווישן די פּאַסאַזשירן פון שיף האָט זיך געפונען אַ שיינער יינגערמאַן, געקליידט מיט אַן עקסטראַוואַגאַנטער עלעגאַנץ, ווי ס'רוב איטאַליענישע יינגעלייט, און בשעת ער איז אַזוי דורכגעלאָפן מיטן בליק איבער דער געגנט, האָבן זיך זיינע אויגן פּלוצלינג צוזאַמענגעטראָפן מיט דעם פאַרצווייפלט-זוכנדיקן, פרעגנדיקן און פאָרשנדיקן בליק פונם יינגן מיידל. און אין איין אויגנבליק האָט אַ רויטע כוואַליע פון שעמעוודיקייט, ווילד איבערשווימענדיק דאָס שטילע שמייכלען, זיך אויסגעגאָסן אויף איר פּנים. דער יינגערמאַן איז נשתומם געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן, — וואָס עס איז אויך גאַנץ פאַרשטענדלעך, ווען מען באַקומט פּלוצלינג צוגעוואָרפן אַזאַ הייסן, פיל-צוזאָגנדיקן בליק, — ער האָט געשמייכלט און זיך באַמיט, נענטער צוצוקומען צו איר. זי האָט אַוועקגעאיילט, זיך אָפּגעשטעלט, זייענדיק זיכער, אַז דאָס איז עס יענער לאַנגדערוואַרטער, דאַן האָט זי זיך ווידער געלאָזט גיין שנעל פאָרויס און באַלד ווידער זיך אומגעקוקט. עס האָט זיך אָפּגעשפּילט יענץ אייביקע שפּיל צווישן באַגערן און מורא האָבן, צווישן פאַרלאַנג און שעמעוודיקייט, אין וועלכן די זיסע שוואַכקייט איז דאָך תּמיד גובר. ער, דערמוטיקט, הגם איבערראַשט, איז איר איילנדיק נאָכגעגאַנגען און האָט זיך שוין געפונען נאָנט לעבן איר, איך האָב שוין געפילט מיט שרעק, ווי באַלד וועט זיך אַלץ מוזן צונויפמישן אין אַ מוראדיקן כאַאָס — מיטאַמאָל האָבן זיך באַוויזן, אָנקומענדיק מיטן וועג, די צוויי דאַמען. דאָס מיידל איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן, ווי אַן איבערגעשראָקענער פויגל, דער יינגערמאַן האָט זיך פאָרזיכטיק צוריקגעצויגן, אָבער זייערע בליקן האָבן זיך פונדעסטוועגן נאָך איינמאָל צוזאַמענגעטראָפן, פיבערהאַפט איינגראָבנדיק זיך איינער אינם אַנדערן. דאָס געשעעניש האָט מיך מתחילת געברענגט אויפן געדאַנק, אַ סוף צו מאַכן צום דאָזיקן שפּיל, דאָך דער חשק

פאָרטצוזעצן איז געווען צו שטאַרק און איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן דעמדאָזיקן צופאַל. אין אָוונט האָב איך אָנגעשריבן צו איר אַן אומגעוויינלעך לאַנגן בריוו, וועלכער האָט געהאַט דעם ציל, צו באַשטעטיקן איר השערה. עס האָט מיך געריצט צו פירן דעם שפיל מיט צוויי פערזאָנען.

„דעם אַנדערן פרימאָרגן בין איך דערשראָקן געבליבן, דערזעענדיק די נערוועזע צעטומלטקייט אויף איר פּנים. איר שיינע אומרויִקייט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין אומפאַרשטענדלעכע נערוועזיטעט, אירע אויגן זענען געווען פייכט און רויטלעך, ווי פון וויינען און דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן ווייטיק. איר שטילשווייגן האָט אויסגעזען, ווי אַ באַגער, אַרויסצולאָזן אַ ווילד געשריי, אַ טונקעלער שאָטן האָט געשוועבט איבער איר שטערן און אירע בליקן האָבן אויסגעדריקט טריבע פאַרצווייפלונג. אין דער צייט, וואָס איך האָב גראָד דאָס מאָל דערוואַרט קלאָרע פרייד. איך בין טרויעריק געוואָרן. איך האָב צום ערשטן מאָל דערפילט, ווי ס'הייבט זיך אָן דאָ אַריינצומישן עפעס פרעמדס, די מאַריאָנעטע וויל נישט פאָלגן און טאַנצט אַנדערש, ווי איך וויל. איך האָב מיך געגריבלט און נאָכגעטראַכט וועגן די סיבות דערפון און האָב גאָרנישט געקענט דערגיין. איך האָב שוין אָנגעהויבן חרטה צו האָבן אויף דעם גאַנצן שפיל, און איך בין דעם גאַנצן טאָג נישט אַהיימגעגאַנגען, כדי זיך נישט צו טרעפן מיט איר בליק, אין וועלכן עס איז געלעגן אַזוי פיל פאָרוואורף. ווען איך בין אינאָוונט אַהיימגעקומען, בין איך אַלץ געוואויר געוואָרן. דער טיש איז נישט געווען געגרייט, די פאַמיליע איז שוין געווען אַוועקגעפאָרן. זי האָט געמוזט אַוועק, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט אַפילו איין וואָרט אים צו זאָגן, און פאַר די איריקע האָט זי נישט געקענט אַנטפּלעקן איר הייסן באַגער, צו פאַרבלייבן כאָטש נאָך אויף אַ טאָג, אויף איין שעה, זי איז קייגן איר ווילן אוועקגעשלעפט געוואָרן פון אַ זיסן חלום אין ערגעץ אַן אומעטיק קליין שטעטל אַריין. וועגן דעם האָב איך גאָרנישט געטראַכט. און נאָך אַצינד פיל איך אַ פאָרוואורף אין יענעם לעצטן בליק אירן, יענע מוראדיקע קראַמפּ פון צאָרן, מאַטערניש, פאַרצווייפלונג און ביטע-

רע יסורים, מיט וועלכע איך האָב, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג, איר לעבן פאַרסמט".

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. די נאַכט איז שוין צוגעפאַלן און פון דער מיט וואָלקנס פאַרשלייערטער לבנה האָט אַראָפּגע־פינקלט אַ שוואַכע, ציטערנדיקע שיין. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, גלייך צווישן די ביימער העגנגען פונקען און שטערן אין די בלייכע איבערפלאַך פון דער אָזערע. מיר זענען געגאַנגען שווייגנדיק ווייטער. ענדלעך האָט מיין באַגלייטער איבערגעריסן דאָס שטיל־שווייגן. „אָט דאָס איז עס געווען די געשיכטע. וואָלט מען נישט געקענט דערפון מאַכן אַ נאָוועלע?"

„איך ווייס נישט. יעדנפאַלס איז עס אַ געשיכטע, וועלכע איך וועל באַהאַלטן אין מיין זכרון צוזאַמען מיט די אַנדערע, וועלכע איר האָט מיר שוין דערציילט און פאַר וועלכע איך בין אייך דאַנקבאַר. אָבער אַ נאָוועלע? אַ שיינער לייט־מאָטיוו אפשר, וועלכער וואָלט מיך געקענט פאַראינטערעסירן. וואָרים דידאָזיקע מענטשן באַרירן קוים לייכט איינער דעם אַנדערן, נישט דערנענ־טערנדיק זיך צוזאַנאַנדער. עס זענען בלויז רמזים וועגן שיקזאַלן. מען דאַרף זיי ערשט אויסדיכטן ביזן סוף".

„איך פאַרשטיי, וואָס איר מיינט. דאָס לעבן פונם יונגן מיידל, דאָס אַהיימקומען צוריק אין דעם קליינעם שטעטל, דער אומברחמנותדיקער טראַגיזם פון דער אַלטעגלעכקייט. . ."

„ניין, נישט אַזוי ווייט דאָס. דאָס יונגע מיידל אינטערע־סירט מיך שוין ווייטער נישט. יונגע מיידלעך זענען תמיד אומ־אינטערעסאַנט, וואָס פאַר אַ מערקווירדיקע איבערלעבענישן זיי זאָלן נישט האָבן, ווייל זייערע אַלע איבערלעבענישן זענען בלויז נעגאַטיווע און דעריבער זייער ענלעך. דאָס מיידל אין דעם פאַל האָט חתונה, ווען עס קומט איר צייט, מיט אַ טיכטיקן בירגערלעכן יינגנמאַן, און דידאָזיקע פאַסירונג פאַרבלייבט דאָס בליענדיקע בלאַט אין אירע דערינערונגען. דאָס מיידל אינטערעסירט מיך שוין נישט ווייטער".

„דאָס איז מאָדנע. איך ווידער פאַרשטיי נישט, וואָס איר

קאָנט אַזעלכעס געפינען אין דעם ייִנגעמאַן. אַזעלכע בליקן, דאָכ־
דאָזיקע פֿאַרבײַשפּריצנדיקע פֿייער, באַקומט יעדער איינער אין
זיין יוגנט, די גרעסטע טייל מענטשן באַמערקן עס גאָרנישט, אַנ־
דערע ווידער פֿאַרגעסן באַלד דערין. מען מוז אַלט ווערן, כדי צו
פֿאַרשטיין, אַז גראָד דאָס איז אפשר דאָס איידלסטע און טיפֿ־
סטע, וואָס אַ מענטש באַקומט, דאָס הייליקסטע רעכט פֿון דער
יוגנט".

„אויך דער ייִנגערמאַן אינטערעסירט מיך נישט..."

„ווער דען?"

„איך וואָלט דעם עלטערן הער, דעם בריוו־שרייבער, אויס־
געפאָרמט, איך וואָלט אים אויסגעדיכטעט ביזן סוף. איך מיין, אַז
אין קיין שום עלטער גייט נישט אָפּ אַזוי גלאַטיק דאָס שרייבן
פֿייערדיקע בריוו און דאָס אַריינחלומען זיך אין די געפֿילן פֿון אַ
ליבע. איך וואָלט געפּרוווט צו שילדערן, ווי פֿונם דאָזיקן שפּיל
ווערט אַן ערנסט, ווי ער מיינט, אַז ער באַהערשט דאָס שפּיל,
בעת דאָס שפּיל האָט שוין אים באַהערשט. דעם מיידלס אויפֿ־
וואַכנדיקע שיינקייט, וועלכע ער האָט געמיינט צו זען נאָר ווי אַ
באַאָבאַכטער, רייצט און דרינגט אַריין אין אים טיפֿער. און אין
דער מינוט, ווען עס גליטשט זיך אים פּלוצלינג אַלץ ארויס פֿון
די הענט, אַנטשטייט אין אים אַ הייסער פֿאַרלאַנג צו דעם שפּיל
און — צו דעם אָביעקט פֿון שפּיל. מיך וואָלט גערייצט יענער
צוריקוועג אין דער ליבע, וועלכער מאַכט די ליידנשאַפֿט פֿון אַן
אַלטן מאַן זייער ענלעך צו דער ליידנשאַפֿט פֿון אַ ייִנגל, ווייל
ביידע פֿילן זיך נישט אינגאַנצן פֿולווערטיק, איך וואָלט געשיל־
דערט זיין אומדרייסטקייט און דערוואַרטונג. איך וואָלט אים נישט
געלאָזט איינזיצן אויף איין אָרט, ער וואָלט איר נאָכגעפֿאָרן, כדי
זי צו זען, און דאָך אין דער לעצטער מינוט וואָלט ער נישט
דערוועגט, זיך צו דערנענטערן צו איר, דאַן וואָלט איך אים גע־
לאָזט ווידער צוריקקומען אויף דעם זעלבן אָרט אין דער האָפֿנונג,
זי ווידער צו טרעפֿן, בעטנדיק דעם צופֿאַל, וועלכער איז אָבער
אין אַזעלכע פֿאַלן תמיד גרויזאַם. אָט אין אָ דער ליניע שטעל

איך מיר פֿאַר דידאָזיקע נאָוועלע, און זי וואָלט דעמאָלט געווען. . .”

„ליגנעריש, פֿאַלש, אוממעגלעך!”

איך האָב אויפֿגעציטערט. זיין שטים האָט זיך, הייזעריק ציטערנדיק און כמעט דראָענדיק, אַריינגעריסן אין מיינע רייד. איך האָב באַ מיין באַגלייטער קיינמאָל נאָך נישט געהאַט באַמערקט אַזאַ אויפֿרעגונג. איך האָב אויגנבליקלעך דערשפּירט, צו וואָס פֿאַר אַן אָרט איך האָב מיך אומפֿאָרזיכטיק צוגערירט. און בשעת ער איז אַזוי האַסטיק שטיין געבליבן, איז מיין בליק געפֿאַלן, מיט אַ פּיינלעך געפֿיל, אויף זיינע ווייסע האָר, אויף וועלכע עס האָט געשימערט די לבֿנה־שיין.

איך האָב געוואָלט שנעל אָפּווענדן דעם שמועס, אָבער ער האָט באַלד ווידער אָנגעהויבן צו רעדן, און אַצינד שוין גאַנץ האַרציק און מרה־שחורהדיק ווייך. מיט זיין געלאַסענער טיפֿער שטים, וועלכער אַ שטילע מעלאַנכאָליע האָט צוגעגעבן אַ שיינעם קלאַנג. „און אפשר זענט איר גערעכט. עס איז טאַקע אַ סך אינטערעסאַנטער. ”L'amour coûte cher aux vieillards“*) אַזוי, דאַכט זיך מיר, האָט באַלזאַק אָנגערופֿן איינע פֿון זיינע רירנדסטע געשיכטן, און מ׳וואָלט נאָך אַ סך געקאָנט שרייבן אונטער דעמדאָזיקן טיטל. אָבער די אַלטע לייט, וואָס ווייסן די גאָר פֿאַרבאָרגנסטע פֿון דידאָזיקע געשיכטן, דערציילן נאָר גערן וועגן זייערע דערפֿאָלגן און נישט פֿון די שוואַכקייטן. זיי האָבן מורא לעכערלעך צו זיין אין זאַכן, וועלכע זענען אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש, ווי דער אומרו־שטאַנג פֿון דער אייביקייט. און מיינט איר אפשר, אַז עס איז בלויז אַ צופֿאַל, וואָס פֿון קאַזאַנאָוואָס מעמואַרן זענען „פֿאַרלוירן געגאַנגען” גראָד יענע קאַפּיטלען, וואו ער הייבט אָן אַלט צו ווערן, וואו פֿון דעם פֿאַרפֿירער, ווערט אַ פֿאַרפֿירטער, פֿון דעם

*) אַלטע לייט קאָסט די ליבע טייער.

אָפּנאַרער — אַן אָפּגענאַרטער ? אפשר איז אים גאָר די האַנט געווען צו שווער און דאָס האַרץ צו ענג".

ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט. זיין שטים איז אַצינד ווידער געוואָרן אָפּגעקילט, רויק און געלאַסן.

„אַ גוטע נאַכט ! איך זע, אַז עס איז געפערלעך מעשות צו דערציילן פאַר יינגעלייט אין זומער-נעכט, דערפון קאָנען לייכט געבוירן ווערן באַרישע מחשבות און כלערליי נישט-בייטיקע חלומות. אַ גוטע נאַכט !"

און ער האָט זיך געלאָזט גיין צוריק אין דער נאַכט אַריין מיט זיינע עלאַסטישע, אָבער דאָך שוין געעלטערטע טריט. עס איז שוין געווען שפעט. אָבער די מידקייט, וואָס פלעגט מיך געוויינלעך אין די וואַרעמע נעכט זייער פרי באַפאַלן, האָט זיך היינט נישט געלאָזט פילן, צוליב דער לייכטער דערשיטערונג, וואָס ברויזט אויף דאָס בלוט, ווען עס טרעפט מיט עמעצן עפּעס אַ זעלטענע פּאַסירונג, אָדער ווען מען ווערט אויף איין אויגנבליק דורכגענומען פון אַ פרעמדער איבערלעבעניש, אַז עס ווייזט זיך אויס, ווי אַן אייגענע. אַזוי בין איך געגאַנגען איבער דעם שטילן, טונקעלן וועג ביז צו דער ווילע קאַרלאָטע, פון וועלכער עס לאָזן זיך אַראָפּ מאַרמאָרענע טרעפּ אין דער אָזערע אַריין, איך האָב מיך אַנידערגעזעצט אויף די קילע שטיגן. די נאַכט איז געווען וואונדערלעך. די ליכט-פלעמלעך פון בעלאַדזשיאָ, וואָס האָבן פריער געפינקלט צווישן די ביימער, אַזוי ווי מאַי-פייגעלעך האָבן אַצינד אויסגעזען אומענדלעך ווייט איבערן וואַסער און זענען איינס נאָכן אַנדערן פאַרפאַלן געוואָרן אין דער שווערער טונקלקייט. די אָזערע איז געבליבן ליגן שטילשווייגנדיק, גלאַט ווי אַ שוואַרצער איידלשטיין, אָבער מיט בלאָנדזשענדיקע פייערלעך אַרום די ראַנדן. און אַזוי ווי ווייסע הענט אויף העלע קלאַווישן האָבן די פּלוסקענדיקע כוואַליעס זיך געוויגט אויף די שטיגן מיט אַ שטיל גערויש אויף און אָפּ. אומענדלעך הויך האָט אויסגעזען די בלייכע הימל-ווייטקייט, אויף וועלכער ס'האָבן געפינקלט טויזנטער שטערן. זיי זענען געשטאַנען רויק און שטילשווייגנדיק געבליצט. נאָר טיילמאָל פלעגט איינער זיך פלוצלינג אָפּרייסן פון קרייז און פאַלן שיעף-

אין דער זומער־נאַכט אַריין; אַריין אין דער פינסטערניש, אין טאָלן, אָפּגרונטן, אויף בערג, אָדער אין ווייטע וואַסערן, אומבאַוואוסט און דורך אַ בלינדער קראַפט געשליידערט, ווי אַ לעבן אין דער משופּעדיקער טיפקייט פון אומבאַקאַנטע שיקזאַלן.